דאָס בוך איז דערשינען
מיט דער הילף פֿון

**כייקע קאַפּלאַן**

לזכרון איר מאַן און חבר

**אברהם קאַפּלאַן**

לאַנג־יאָריקער יידישער לערער, קינסטלערישער מענטש, קולטור־טוער און ליבהאָבער פֿון דער יידישער ליטעראַטור.

און אויך מיט דער הילף פֿון די ז. ווינפּער יובילײ־קאָמיטעטן לכבוד זיינע פֿופֿציק יאָר, און די איקוף־פֿריינט איבערן גאַנצן לאַנד.

## מײַנע לידער

איך האָב ליב צו לײענען מײַנע לידער
אָבער און װידער
און נאָכאַמאָל װידער,
װײַל יעדע שורה פֿון מײַנס אַ ליד
איז אַ טראָט פֿון מײַנע טריט, —
געזאַנג
פֿון מײַן גאַנג,
איך ברען פֿון די שׂריפֿות,
און קראַנק בין איך אין די מגפֿות, —
פֿון אַלע געשעענישן בין איך געפֿאַנגען.

געגאַנגען
בין איך
אין מײַנע אײגענע שיך
מיט מײַן אײגענעם טראָט.
און האָב איך אױסגעפֿאָלגט געבאָט,
האָט מיך קײנער דערצו נישט געצװאונגען,
און האָב איך צו זײ אױך געזונגען
איז דאָס שטענדיק מיט שׂמחה געװען,
װײַל אין זײ האָב איך געהערט און געזען
די דערלײזונג פֿאַר זיך און דער װעלט.

געוועז זונשיין און אויך רעגן און קעלט, —
מיין גאַנג האָט הינטער זיך שוין אַ היפּשן מהלך!
נישט מלאך,
נישט ריח,
און נישט קיין משיח,
נאָר אַ פּשוטער מענטש און אַ ייד.
אַמאָל דערהויבן, צעגליט,
אַמאָל מיט צעבראָכן געמיט,
נאָר שטענדיק מיט צוטרוי צו זיך און צו יענעם.
עס האָט נישט קיין פייער פון קיין שום גיהנום
צעאַשט אין מיין האַרצן דעם גלויבן!

פון פייגל זיינען מיינע ליבלינגען די טויבן, —
איך האָב נישט איין מאָל געזונגען פון זיי!
פון קאָלירן, — די ווייסקייט און ריינקייט פון שניי,
דער הימלעשער בלוי און דאָס גראָזיקע גרין,
און פון לידער דער טאָן, וואָס איז דין,
אָבער אַז לעבן אַרום איז שווער און איז גרוי,
איז ליד מיינס אַמאָל אויך אַזוי.

# אַוטאָביאָגראַפיש

און די צייט, — זי גייט!
היינט האָט זיך מיין זכרון,
ווי אַ טעפּיך אויסגעשפּרייט.
דורכגעלעבטע יאָרן
צעזייטע,
צעשפּרייטע,
האָבן, ווי אוזאָרן
זיך אין טעפּיך איינגעוועבט.

אַ פויגל, אַז ער שוועבט,
לאָזט ער נישט קיין צייכנס אויפן וועג,
אָבער מיינע דורכגעלעבטע טעג
זיינען דאָך צופּוס געגאַנגען.
אַפילו מיינע פאַרלאַנגען
צו פליען אין דער הויך
זיינען דאָך אויך
צופּוס געגאַנגען.

אַ מענטש מוז האָבן גרינצייג אין דער יויך,
און גרינצייג וואַקסט נאָר אויף דער ערד.
אַ, וואָס פאַר אַ ווערט
האָט דעמאָלט געהאַט
דאָס נישט עסן צו זאַט,
און נישט האָבן אויף זיך
קיין בגד, קיין שיך?
נאָר וואָס זשע דען?
אַז מען האָט געזען

בײַ יענעם איז שטוב לעבערלעך מיט שמאַלץ,
בשעת בײַ דיר איז נישט געווען קײן ברויט מיט זאַלץ,
איז געוואָרן ענג דער האָריזאָנט,
און מען האָט געטראַכט, אַז אפשר וואָלט מען געקאָנט
לעבן אַנדערש אונטער אַן אַנדערן,
און אַזוי איז געבוירן געוואָרן די לוסט צו וואַנדערן.

איז מען געפאָרן פון טריסק
אַזש קײן בריסק
אויף אַ באַנק אונטער דער באַנק.
דעמאָלט האָב איך דאָס ריטמיש־געזאַנג
דערהערט צום ערשטן מאָל פון רעדער שטאָליקע.
אַ, טעג און נעכט, אַמאָליקע! —
אָמר רבא און אָמר אבײ, אוי אָמר:
דער פּשט איז אַזוי, אָבער ואים תּאומר,
און עס ווערט שוין גאַרנישט גלאַט
מיטן פּשט.

קינדיש געשרײַ,
און פינגער־געדרײַ
וועגן אַ הון, וואָס געלײגט האָט אַן אײ,
און וועגן אַן אָקס, וואָס האָט געשטויסן אַ קו.
איך זאָג, און דער רבי וואַרפט צו
דאָ און דאָרטן אַ וואָרט,
און גלעט דערבײַ די באָרד,
די גרויע, געדיכטע.

ווי געסט אומגעריכטע
פון ווײַטן וועג,
קומען טעג
בײַ פרעמדע טישן,
און זיך מישן,
ווי בלעטלעך פון ביכער, —
אַט פּאַמעלעך, און אַט גיכער.

פון בריסק איז מען געפאָרן קיין ראָוונע,
און דאָרט האָט מען געחלומט פון קאָוונע
און דער װײַטער ליטע,
וואו דאָס לערנען איז גאָר פון אַן אַנדער שיטה,
אָבער קיין קאָוונע איז מען שוין נישט דערפאָרן.
עס זיינען אויפגעשטאַנען אַנדערע יאָרן,
און זיי האָבן געבראַכט גאָר נייע פאַרלאַנגען.

ווען פאַלן צו דער ערד די רייפע זאַנגען ?
זיי פאַלן אונטער דער קאָסע אין די האַרבסטיקע טעג !
אָבער איך בין דאָך דעמאָלט ערשט אַרויס אויפן וועג, —
אַ וועג, וואָס ציט זיך אַלץ ווייטער און ווייטער.
וואַרשע איז געווען דער ערשטער שייטער,
וואָס האָט זיך אָנגעצונדן אין מיין וואָרט.
עס געדענקט זיך מיר, ווי דאָרט
אויף אַ בוידעם־שטיבל פון דער ברייטער מילע
איז אויפגעגאַנגען ערשטער חלום פון אַ הילע
איבער מיינס אַן אייגן בוך.
געווען אַ שטילער צאַפּלדיקער פאַרזוך
פון וואָרט, וואָס האָט אויפגעיערט,
אָבער רייף געוואָרן, און געבערט
האָט דאָס שפּעטער ערשט אין נויאָרק.

אָ, וויפל זאָרג,
און וויפל פרייד,
און די צייט, — זי גייט און גייט.
פריילעכע, און אומעטיקע טעג, —
איך קוק אַרונטער אויפן וועג,
און זע אים אין זיין גאַנצער ברייט, און לענג.
אָבער אומעטום געווען איז ענג
פאַר אַט אַזאַ, ווי איך.

באַקלאָג איך זיך ?
אַ ניין !
וואונדער־שיין

איז דאָס לעבן סיי־ווי דאָך.
אויך דער אָקס אין יאָך
האָט פון צייט צו צייט זיין פרייד.

שפרייט, שפרייט,
זכרון מיינער, איצט זיך פאַר מיין בליק!
סאַראַ גליק
צו וויסן, אַז מען איז נאָך דאָ!
אָט זע, — עס קומט אַ נייע שעה,
וואָס אַזאַ איז דאָך נישט געווען,
וואָס אַזאַ האָסטו נישט געזען!

# פּופּציק

וואָס איז פּופּציק? — נישט מער ווי אַ נומער!
דאָך ווילט זיך מיר זינגען: ברוך שאָמר,
געבענטשט זאָל זיין דער, וואָס איז אַ זינגענדיקער געגאַנגען
און גייט מיט געזאַנג אויך איצט.
עס האָבן זיינע געזאַנגען
זיך איינגעקריצט
אינם האַרץ פון דער וועלט, —
זינגט אויך די קעלט,
זינגט אויך דער שטיין,
און ער איז נישט אַליין.

פּופּציק יאָר —
חלום אין גאַנג צו דער וואָר,
וואָס שטעלט זיך אויך איצט נאָך נישט אָפּ,
און זיינען גרוילעך די האָר
שוין איצט אויף מיין קאָפּ,
איז מילא, נו.

דו, אָ דו,
לעבן פאַרגאַנגענס!
דאָס נעכטיקע געזאַנג איז
אין ליד פון דעם היינט.
זעט, זעט ווי עס שיינט,
און הערט, ווי עס רעדט,
דערציילט, און מאָנט, און בעט.

עס שיינען די צעזוניקטע ווערטער
אויף אַלע פאַרוואַלקנדיקע ערטער, —
אומעטום, וואו עס רעגנט, האָגלט און שנייט!
וואָס דו האָסט פאַרזייט
איז אויפגעגאַנגען,
און זיינען פאַר די זאַנגען
ווייניק שניטער דאָ
אין דער איצטיקער שעה,
איז טאַקע שלעכט.

אומרו מיינער דורך די נעכט,
אומרו מיינער דורך די טעג,
גיי ווייטער אויף דעם וועג
ביי דעם אַקערדיקן שאַרף!
אַמאָל האָב איך געשפּילט אויף דער האַרף,
אויף דעם קאָרנעט,
דעם קלאַרנעט,
דער פלייט און די פידל, —
היינט שפּיל איך אויף דעם אַקער און דעם רידל!

אָ, לעבן פון פּאָעט!
דו ביזט צערעדט
פון דעם, וואָס געווען,
דערציילסט וואָס האָסט געזען,
דו מאָנסט אַ ביישפּיל זיך צו נעמען,
כדי דעם מאָרגן נישט פאַרשעמען,
דו בעטסט מיט אַזאַ מין ציטערדיק געמיט
אַ ניי און לויטער ליד,
וואָס זאָל דיך פירן
צו אויפגעפּראַלטע טירן,
וואו עס לעבן צעלויכטענע מענטשן,
ווייל דו באַגערסט צו בענטשן
מיט זיי אַ מזומן.

זיי וועלן קומען, קומען, —
אָט די נייע, לייכטנדיקע טעג,

און אויפגרינען אויפסניי וועט אונדזער וועג,
און גאַנץ ווערן וועט אויך די בריק,
וואָס איז אַהינטער אונדז צעפאַלן.
זע, זע, — אָט קוקסטו אויף צוריק,
און אַזוי פיל שטראַלן פאַלן
פון דיין בליק, —
דו זעסט דאָך אַזוי קלאָר
אַלע דיינע פופציק יאָר
אין אָט דער שעה, —
זיי זיינען אַלע דאָ,
ווי אויף פּאַראַד.

— העי, קום אַהער, דו יאַט
פון אַ יאָר אַכט!
וואָס ביזטו עס אַזוי פאַרטראַכט?
איז דאָס דער „שור שנגח את הפרה״,
וואָס דער רבי לערנט איצט מיט דיר אין דער גמרא?
און דו, בלאָנד־האָריקער,
צוועלף־יאָריקער,
מיט די פּאהלעך ביז אַרונטער די אויערן!
זע, זע, ווי בלייך דו קוקסט אויס
אין דיין ייִנגלשן טרויערן
נאָך דעם שכנהשן, פּריצישן הויז,
פון וועלכן די יונגע, בלאָנדע פּאַנע
שיקט קלאַנגען פון איר פאָרטעפּיאַנע
צו דיר דורך די גרינלעכע שטאַכעטן.

זאָלן דיינע תפילות איבערבעטן
דעם בורא־עולם פאַר דיינע זינדיקע מחשבות,
און זאָלן דיינע הייליקע אָבות, —
דיין יונג־געשטאָרבענער טאַטע, דיינע זיידעס און באָבעס, —
פאַר דיר אין הימל זיך מיען,
אַז דיך זאָל מער נישט ציען
צו דער בלאָנדער פּאַנע
ביי דער פאָרטעפּיאַנע,

ווייל אַ יידיש אינגעלע, ווי דו,
וואָס פאָרט אין דער ישיבה אַוועק,
דאַרף האָבן רו
אויף זיין וועג.

פון טריסק
קיין בריסק
אויף דער באַן אונטער דער באַנק.
איך הער נאָך איצט דאָס געזאַנג
פון די לויפנדע שטאָלענע רעדער.
געענדיקט דעם חדר,
און איצט די ישיבה, —
אַזוי האָט געטאָן אויך רבי עקיבא.
צוערשט בריסק און ראָוונע דערנאָך, —
אַן אָקסעלע אין יאָך
פון בבא קמא, בבא מציאע און בבא בתרא, —
די מאַמע האָט געחלומט פון אַ מרא־דאתרא,
און פון אַ שנור אַ יפת־תואר.
און ווי גרויס איז געווען איר טרויער,
ווען איר זינדל פון אַ יאָר צוואַנציק
האָט זיך שפּעטער אומגעקערט צו איר מיט אַ דאַשיקל גלאַנציק.
אָנשטאָט יורה־דעה געווען איז פּושקין, טורגעניעוו, טאָלסטאָי, —
דאָס שטעטל האָט געפלאַקערט, ווי פייער אויף שטרוי,
די משפּחה אין היסטעריקע,
און איך פאָר קיין אַמעריקע.

איסט בראָדוועי, —
אַז ווינד און ווייַ,
נאָר ליכטיקער און העלער
געוואָרן איז אינם קעלער
צווישן די דעמאָלטיקע יונגע פּאָעטן.
דאָס לעבן האָט נישט אויפגעהערט צו טרעטן
איבער אונדז מיט שווערע טריט,
און איך האָב זיך פּאַרוויגט מיט אַ ליד
נישט וועגן די שטעפּער

אין די שעפּער
אַרום מיר,
נאָר וועגן עפּעס אַ קאָליר
פון גאָלד און גרין.
געוואוינט אין ניו־יאָרק, אָבער געלעבט מיט וואָלין
מאַרוסיאַ׳ס רויטלעכע קימאָנקע
אויף דער צעגרינטער לאָנקע
געוועזן פאַר מיר די צויבערלעכסטע מעשה,
און אירע גענדזעלעך די ווייסע
זיינען געוואָרן לידער אויסגעוועבטע, דינע.
איך יאָג זיך קיין פּאַלעסטינע
מיט אַ ביקס אין די הענט,
ווייל אויך דעמאָלט האָט די ערד געברענט
מיט קריג צווישן לאַנד און לאַנד.

שפּעטער האָב איך געקושט די אַלטע, הייליקע וואַנט,
און זיך אומגעקערט צוריק.
נאָך אַ בריק
ביזטו, לעבן מיינס, דורכגעגאַנגען.
הינטער דיר רייפע, צייטיקע זאַנגען,
נאָר ווילדע פייגל האָבן אויסגעפּיקט די קערנער.
געוועזן איז דער אַרום אַ באָק מיט שטעכיקע הערנער,
וואָס האָט נישט אויפגעהערט בוכטשען פון הינטן.

געבענטשט זאָלן זיין די שטורעמדיקע ווינטן,
וואָס האָבן ענדלעך געבראַכט אין מיין שויס אַריין דעם עיקר, —
ער האָט צעריסן די וואָלקנס אויף שטיקער
און אַזוי פיל ליכט האָט זיך אַ גאָס געטאָן אין מיין ליד!
הערט, הערט, ווי אָנגעלאָדן עס איז איצט מיין געמיט,
און זעט ווי זיכער עס שפּאַנען מיינע טריט, —
אָט דער עיקר ברענט און גליט
סיי דיך,
סיי מיך, —
יעדן איינעם, וואָס דערזעט אים נאָר!
ער איז די וואָר

פון מענטש געפייניקטן סיי דאָרט, סיי דאָ, —
ער איז דאָס געראַנגל פון דער שעה!

פופציק יאָר, —
חלום אין גאַנג צו דער וואָר!
אַ שווערער איז דער גאַנג,
נאָר מיר וועלן מיד דאָך נישט ווערן, —
מיר וועלן שניידן מיט געזאַנג,
וואָס מיר זייען איצט דורך טרערן!

# אַ פערטל יאָרהונדערט

מײַן ליד, מײַן ליד,
גײַסט אויף פון מײַן געמיט
אויך הײַנט פאַרגאַפּט און פאַרוואונדערט,
ווי צוריק מיט אַ פערטל יאָרהונדערט,
ווען דו האָסט צום ערשטן מאָל
געלאָזט הערן דײַן קול.

דו ווערסט ביז הײַנט
צעלויכטן און צעשײַנט
פון יעדער שײנקײט באַזונדער,
וואָס גײט אויף ווי אַ וואונדער
און צעהעלט
אונדזער וועלט.

דו צאַפּלסט זיך נאָך אַלץ,
ווי שטראַוסעס אַ וואַלץ
ציטעריק, אויפגעלעבט, דערהויבן,
ווען דאָס שטילע וואָרקען פון טויבן
אויף אַ דאַך, צי אויף אַ סקווער
דערגרייכט דײַן געהער.

אַ רויטע רויז,
אַ קינד אויף אַ שויס,
אַ וואַרעמער בליק פון אַ מענטשן,
און דו ביסט אויף צו בענטשן
שוין אַלצדינג דאָך גרייט
מיט אַזוי פיל פרייד.

אַ ווינטל־בלאָז,
אַ שטראַל אויפן גראָז,
אַ בליק פון שיינע פרויען־אויגן,
און די קאָלירן פונעם רעגנבויגן
זיינען ביז היינט אויך פאַר דיר
ווי אַ שוועל צו אַ טיר.

נאָר וואָס זשע דען?
האָסט נאָך עפּעס דערזען,
און דערהערט דורך די יאָרן
און דו ביסט אָנגעפילט געוואָרן
אויך מיטן צער פון דער ערד,
און דו האָסט אויפגעיערט.

איצט שלאָגט שוין דאָך אויך
פון דיר מיט קנויליגן רויך
און מיט פלאַמיגער לאַווע.
ביסט מער נישט מקבל באהבה
דעם שטויס פון געקאָוועטע טריט, —
אַ, מיין ברויזנדיק ליד!

ברויז, ברויז, און גיי אויף
פונעם דנאָ ביז אַרויף,
ווי ראָסטשיגעט ברויט פון אַ דייזשע,
און ביסטו נישט אידל שוין מער, טאָ ווייס זשע,
אַז נישט אידל קאָן זיין דער פּאָעט,
דורך וועמען לעבן איז צערעדט.

מײַן ליד, מײַן ליד
אויסדרוק פון אַ פּשוטן ייד,
וואָס איז אַ פּעדעמל אין די געוועבן
פונעם פּשוטן, וואָכנדיקן לעבן, —
אַ פּעדעמל פאַרוועבט,
אַ פּעדעמל, וואָס לעבט.

געקומען ביסטו
אַזוי פּלוצלונג פון ערגעצוואו,
ווי אַ געוויקס פון אַן ערד, אַ געזונטער,
און צעזונגען זיך מונטער
פון וועג צו וועג
דורך נעכט און טעג.

געטראָגן דעם יאָך
פון דער גרויער וואָך
מיט שבת־יום־טובדיקע געזאַנגען,
און דאָס גרוי איז זיך צעגאַנגען,
ווי פראָסט אונטער זוניקן שטראַל,
ווי שניי אַרום שלאָגיקן קוואַל.

אויף רעגן געוועזן אויפן וועג.
נישט איינמאָל האָט אַ זעג
געפּרוווט דעם שטאָם אונטערזעגן,
און דאָך ביסטו געגאַנגען אַנטקעגן
דער זון אויף יענער זײַט באַרג
דורך געסל און גאַס און דורך מאַרק.

נישט איינמאָל דעם שניי און דעם פראָסט
מיטן אייגענעם אָטעם צעלאָזט,
און דעמאָלט זײַנען דײַנע וואָכנדיקע שקראַבעס
אויפגעגאַנגען מיטן גלאַנץ פון יום־טוב און שבת
איבער דעם שווערן יאָך
פון דער גרויער וואָך.

און אַזוי־אָ אויך איצט,
ווען עס דונערט און בליצט,
און ווען ווינטן טרייסלען דיינע שויבן,
איז נישט געמינערט דיין לויטערער גלויבן
אין דיין גאַנג
און געזאַנג.

מיין ליד, מיין ליד,
עס האָט דיך געשמידט
אַ גאַנצער פערטל יאָרהונדערט.
גיי וויטער פאַרגאַפּט און פאַרוואונדערט
צו אַלץ, וואָס איז שיין,
צו אַלץ, וואָס איז ריין.

און איך וועל מיט דיר
דערגרייכן די טיר
פון גאָר אַן אַנדער מין לעבן,
וואו וואונדערלעכע האַרמאָנישע געוועבן
וועלן אין פרידלעכן שפּיל
זיך שפּילן גליקלעך און שטיל.

# דער באָבעס נאָדל־אויסגענײ

די באָבע, ווען זי איז פאַר דעם זיידן אַ כּלה געוואָרן,
האָט זי אים געשיקט אַ טאַבאַק־פּושקעלע פון אַ שאַפּענעם האָרן,
אַ סאַמעטן תּפֿילין־זעקל,
אַ יאַמשאָוון שטעקל
און אַ זייגער מיט אַ קייט, —
אָבער דער עיקר אָט דאָס, וואָס זי האָט אַליין אויסגענייט, —
עס איז באמת געווען
אויף חידושים צו זען!

אוי באָבעניו, איך לייען נאָך איצט דיין לויטער געמיט,
וואָס גייט אויף, ווי אַ וואונדערלעך ליד
איבער פרישן קערנדיקן פאַרזיי
פון דיין נאָדל־געניי.

אויף דיין מצה־טישטוכל שפּאַלט משה רבינו דעם ים.
אויך די קווייטעלעך אויפן טלית־זאַק זיינען מלא־טעם.
אָבער נאָך שענער פון זיי
איז דיין נאָדל־געניי
איבער דעם בלויען שטיקעלע לייוונט מיט דער בליטשקע און זייד!
עס האָט נאָך ביז איצט די צייט
נישט אָפּגעווישט די קאָלירנדיקע פייגעלעך
מיט די לאַכנדיקע אייגעלעך,
און פּאַטשענדיקע פליגעלעך
איבער די קינדער אין די וויגעלעך!

אָ, באָבעניו, דאָרט וואו דו ביסט! —
עס איז נישט געווען אומזיסט
דיין וואונדערלעך נאָדל־געניי, —
דורך טיפסטן פיין און וויי,
און דורך כמורעדיקסטער נאַכט
בין איך, דיין אייניקל, צעוואַכט
צו דיינע קאָלירנדיקע פייגעלעך
מיט די לאַכנדיקע אייגעלעך.

און וואַכן וועל איך אַט אַזוי
ביז דאָס כמורעדיקע גרוי
וועט זיך אַליין פאַרלענדן,
און די זון וועט זיך צעבלענדן
פאַר אַלע קאָלירנדיקע פייגעלעך
מיט די לאַכנדיקע אייגעלעך
און פאַטשנדיקע פליגעלעך
איבער אַלע קינדער אין די וויגעלעך,
און איבער די דערוואַקסענע אויך
מיט גאָר אַ נייעם כוח!

## חיי־שרה, נעבעך

די אַלטענקע, איינגעבויגענע חיה־שרה, —
ווער האָט זי נישט געקאַנט אין מיין שטעטל?
אַן אייביקע אלמנה, דערצו אַן עקרה,
און דין און דאַר, ווי אַ ברעטל,
נאָר געהאַט האָט זי אַ מויל, —
אַ גרויל!

אַז געטראָפן, ווי עס פלעגט אָפט מיט איר טרעפן, —
זי איז הונגעריק געווען, פלעגט זי טאָן אַ צעעפן
דאָס מויל און זיך צעמורמלען דווקא שטילערהייט,
נאָר געווען זיינען דאָס מוראדיקע רייד!

אָט געדענקט זיך מיר איצט אַ ווינטערדיקער טאָג.
זי האָט געעפנט צו אונדזער קיך די טיר,
און עס האָט געטאָן אַ שלאָג
מיט אַזאַ קעלט הינטער איר, —
סיי פון דער גאַס,
און סיי פונעם האַס,
וואָס האָט זיך פון איר מויל צעטראָגן.
— ווי אַזוי זאָל איך נישט וויינען און קלאָגן? —
האָט זי זיך צעשיפּעט, שאַרנדיק פאַר איר פּייערטאָפּ
אַ קויל פון אונדזער ברענענדיקן פּריפּעטשאָק.
זי האָט אויפגעהויבן צו מיין באָבען דעם קאָפּ
און מיט אַזאַ בייזקייט געטאָן אַ זאָג:

— אוי הינדעניו קרוין, מען קאָן פון גאָטעניו'ן ארויס פון די כלים!
גיי דאַוון צו אים! דיינע צרות דערצייל אים!
גיי אין שול אַריין שבת און ראש־חודש און טו צו אים תּפילה,
אָבער ער הערט דאָך נישט אָפּילו,
וואָס דו בעטסט!
וואָס דו רעדטסט!

איך געדענק, ווי אַ ווינט האָט זיך דעמאָלט צעוויטערט, —
די באָבע איז געשטאַנען און אינגאַנצן געציטערט
פון אויפרעגונג און מוראדיקער שרעק.
און ווען עס איז ענדלעך אַוועק
פון אונדזער קיך חיה־שרה
מיט דער ברענענדיקער קויל אין איר פּייערטאָפּ,
האָט די באָבע אויסגעשפּיגן, ווי ביי אַן עין־הרע,
און זיך צעשאָקלט מיטן קאָפּ:
— נו, אַ צרה,
— זי איז ערגער פון עבודה־זרה, —
האָט זי געזאָגט,
אָבער באַלד זיך צעקלאָגט
מיט גרויס רחמנות און שטילערהייט:
— נעבעך, חיה־שרה, —
— אַ וויסטע אלמנה, אַן עקרה,
אַן אַ ביסל פרייד, —
אַז נישט געזינדיקט זאָל איך האָבן מיט די רייד!

# איינמאָל אין אַ מיטן נאַכט

איינמאָל אין אַ מיטן נאַכט האָט אַ שטערן
זיך פלוצלונג אַ וויג געטאָן
און אפשר איז דאָס געווען דעם זיידנס לאָמטערן,
וואָס האָט זיך אַ וויג געטאָן
אויף זיין וועג אין שול אַריין צו חצות?
אָדער גאָר איציקל שומר׳ס אַ פּאַפּיראָס,
ווען ער איז געשטאַנען אין דעם חושך צונויפגעדרייט
אונטערן אָפּדעכל פון ברכה משה יאָסלס קלייט,
און דאָס יידיש ביסל האָב־און־גוטס געהיט
פאַר גנבהשע טריט?
אַזוי צי אַזוי,
אָדער אַפילו נישט אַזוי,
אָבער געדענקען געדענק איך אַקוראַט,
אַז ווי סענדערל קלעזמער צו אַ וויוואַט,
האָט זיך פלוצלונג אויף אונדזער בוידעם דער האָן
אויפגעכאַפּט מיט אַזאַ ליאַרעמדיקן קריי!
געמיינט אַפּנים, אַז דער טאָג קומט שוין אָן,
און אַז אונטער דער וואַרעמער זון
וועט ענדלעך דער פראָסט און דער שניי
צעגיין זיך דערפון.
האָט ער זיך צעקרייט
מיט אַזאַ ליאַרעמדיקער פרייד,
און זיך אַזש צעפּאַטשט מיט די פליגל.

מיין מאַמע דערציילט דאָס נאָך היינט,
אַז ביים פענצטער אין וויגל
בין איך געלעגן צעשיינט,
און מיט די הענטלעך האָב איך געטאַפּט די לופט אַרום זיך.
די באָבע עליה השלום האָט ליכטיק געמאַכט,
און שליאַפּענדיק אין אירע לויזע פליטקע שיך,
האָט זי מיט טרייסלדיקע הענט אויפגעמאַכט
צו דרויסן אַרויס די טיר.

— ווײ איז מיר!
— וואָס איז געשען? —
האָט זי זיך צעצאַפּעלט, ווען זי האָט דערזען,
אַז די נאַכט קוקט שוואַרץ און בלינד,
ווי אַ פֿליאַמע טינט.
און דעמאָלט האָט זי אויסגעבייטלט אירע חלומות צום האַן!
— וואָס אַ הענדל קאָן,
נעמט און זאָגט אַ בשורה אָן
פון נישט געשטויגן,
און נישט געפלויגן.

נאָר איך?
די מאַמע האָט מיך אין בעט צו זיך
אַריינגענומען,
אָבער נישט געשלאָפן בין איך ביז געקומען
איז דער צווייטער קריי פונעם האָן.
— וואָס אַ הענדל קאָן! —
האָט די באָבע זיך געבייזערט אין דרימל,
אָבער דעמאָלט איז ליכטיק געווען שוין דער הימל!

# מײַן זיידע רב הערשעלע גבאי

מײַן זיידע, עלו־השלום,
רב הערשעלע גבאי
האָט אוודאי געזען אין חלום
אַ שיינע עולם־הבא
פאַר זײַן תורה און זײַנע מעשים־טובים,
נאָר אַז פונעם בורא, אַ דאַנק און אַ לויב אים,
איז אויך עולם־הזה געגעבן,
האָט מײַן זיידע געטראָגן דאָס לעבן
אויף זײַן קיילעכדיק פּנים בשמחה־רבה,
און יעדעס מאָל, ווען ער האָט גערעדט פון עולם־הבא,
איז מײַן ליבער זיידע
געזעסן מיט אַן עדה
אַרום זײַן טיש
בײַ אַ גוט ביסל בראַנפן און פיש, —
מען האָט געגעסן און געטרונקען לחיים.

מײַן זיידע האָט ליב געהאַט אַ מלבוש אַ נײַעם,
און פון קיין עצבות האָט ער ניט געהאַלטן.
איך געדענק אים בלויז אַ צעשטראַלטן,
ווי ער וואָלט געווען א שטיק שײַן.
זײַן קידוש־ווײַן
איז געווען בחיר־שבחירה.
אַ קטן געווען, נאָר גלײַך ווי אַ ווירע
אַ צעקעמטע זײַן באָרד,

און אַ וואַרעמס זיין וואָרט,
וואָס ער פלעגט פונעם מויל אַרויסלאָזן.
כאָטש נישט קיין רזין־דרזין,
און נישט קיין סיתרי־תורה,
אָבער ווען ער האָט גערעדט פונעם בורא,
איז עס דאָך שטענדיק געווען,
ווי ער וואָלט גאָט ברוך־הוא פאַר די אויגן געזען,
און געשמועסט מיט אים, ווי מיט אַ מענטשן.
נישט אומזיסט פלעגן אַלע זיך בענטשן
מיט רב הערשעלע גבאי׳ס גוטע מידות!
ער האָט פיינט געהאַט צו דאַוונען ביחידות,
ווייל געהאַלטן האָט ער, אַז דעם בורא איז ליבער,
ווען מען דאַוונט צו אים בציבור.

— עס איז גאָר אַן אַנדער ענין
די תפילה במנין, —
מען גייט אויף צוזאַמען,
ווי פלאַמען,
וואָס גיסן זיך צונויף,
און זיי טראָגן זיך אַרויף
צום כיסה־הכבוד.

גלעטנדיק די באָרד, די ווייסע,
האָט ער דערציילט אַזאַ מין מעשה:
— אַמאָל און אַמאָל האָט געלעבט אַ רב דוד
ביי אונדז אינעם שטעטל,
איז ער געווען דין, ווי אַ ברעטל,
פון שטענדיקע תעניתים.
בלויז ביי די מתים
קאָן מען אַזעלכע פנימער זען.
אָן אַ פאַרוואָס און אָן אַ פאַרווען
פלעגט ער זיך צעקלאָגן,
און זאָגן אַזוי צו זאָגן:
—ווי אַזוי זאָלן מיינע אויגן נישט וויינען,
אַז אַלע, אַלע מיינען
נישט אַזוי, ווי איך מיין,
און איך בין אַליין

אויף דער ערד,
נישט דערזען, נישט דערהערט.

אָטאָ דאָס האָט אַמאָל דערציילט מײַן זיידע,
זיצנדיק מיט אַן עדה
אַרום זײַן טיש, —
מען האָט זיך געטיילט מיט די פּיש,
מיט דעם ברויט,
מיט דעם קרויט
און זמירות געזונגען צוזאַמען.
דורכן פענצטער האָט די שבתדיקע זון אין פלאַמען
אַזעלכע גאָלדענע זיך צעפלעמלט,
און ווער עס האָט מײַן זיידן געזען דעמאָלט,
האָט געזען בחוש,
ווי דעם בורא׳ס אַ קוש
האָט געשוועבט אויף זײַן באָרד.

הלוואי זאָל אויך אַזוי מײַן וואָרט
זײַן ליכטיק פאַרוועבט
אין אַלצדינג, וואָס לעבט,
און איך זאָל נישט וויינען און קלאָגן,
נאָר איך זאָל טראָגן,
ווי ער האָט געטראָגן
דעם יאָך
פון דער וואָך
אין זײַן גאַנג
מיט האָפענונג און געזאַנג.

# ד ע ר מ אָ נ ו נ ג

וואָס פינטל איך עס איצט אויפן ווייס פּאַפּיר?
מיין פעלד אַ זומערדיקס, אַ צייטיקס,
און אויף די זאַנגען אַ ווינטל אַ פאַרשייטיקס
מאָנט סערפּ און קאָסע פאַרן שניט פון מיר.

עס גייען אויף אין זכרון קינדערישע פרייטיקס, —
דאָס פייער אינעם אויוון מיט אַ גילדענעם קאָליר,
די מאַמע באַקט אַ ווייצנפלעצל אויס פאַר מיר, —
אָ, לעבן מיינס! פאַרגאַנגענס, און פאַרצייטיקס!

דער פעטער זעליק מיט אַ פּנים שוימעדיק, ווי ביר
גייט פון מרחץ מיט אַ שמייכעלע, אַ פּילבאַדייטיקס, —
די מומע עני, — ווי שיין עס רוט דער שבת איבער איר!

וואָס פינטל איך עס איצט אויפן ווייס פּאַפּיר?
מען קאָן נישט זאָגן, אַז דאָס לעבן מיינס, פאַרצייטיקס
וועקט גאָרנישט אויף קיין בענקשאַפט מער אין מיר!

# פרילינג ניינצן ניין און דרייסיק

ער איז געקומען אַ פאַרכמורעטער פון וועג
און מיטגעבראַכט אַזעלכע גרויע נעכט און טעג
אויף אונדזערע גאַסן און סקווערן.
אונדזער לעבן האַלט איצט אין ווישן די טרערן
פון די קנאַכיקע באַקן.
העקער האָבן אָנגעהויבן האַקן
אונדזערע שטאַמען,
ברוכוואַרג פון אונדזערע שיפן אויף די ים׳ען
דערגרייכן אונדזערע ברעגן,
און בלויז ווינטן און רעגן
קומען זיי אַנטקעגן.

אָ, לעבן אונדזער יידיש!
אַזאַ וואַקכאַנאַליענדיקן קידוש
מאַכט דער שונא אונדזערער אויף דיין בלוט,
און דו אַליין יאָגסט זיך, ווי אַ פּאַראַשוט
צום ווילן פון ווינט.

די וועלט איז שטום און טויט און בלינד
צו דער פּיין פון אונדזערע אַנטרונענע.
חלומות צערונענע
צעבלאָזן אונדזער דאַך,
ווי דער ווינט דעם סכך

איבער אַ סוכה אויסגעבויט בלויז פאַר טעג
אין מיטן וועג.
עס האַקט די האַק און עס זעגט די זעג
אונדזערע נעכט און טעג.
און דער פרילינג ?
ער הוסטלט פון פאַרקילונג
היינטיקס יאָר.

באַלד, באַלד וועט ער מסתמא צעקרייזלען זיינע האָר,
און זיך דערהערן מיט זיין פויגלעשן ציף־ציף !
דער הימל וועט אָנהייבן שרייבן בריוו
דורך שטראַלן פון דער זון צו אונדזער ערד,
פון וועלכער עס דערנערט
זיך אויך דער נאַצי־דייטש
מיט דער בייטש
איבער די גלידער
פון אונדזערע שוועסטער און ברידער.

אָ, פרילנגדיקע טעג
פון ביינצן ביין און דרייסיק !
איר גייט איבער אונדז מיט די ציין פון אַ זעג,
וואָס זיינען אזוי סם׳יק און בייסיק, —
איר שטעלט אונדזערע לעבנס אין קאָן !

פרילינג איז, ווי אַ צעפלאַטערטע פאָן,
וואָס ברענגט און זאָגט אָן,
אָבער וואָס ברענגט אונדז דער פרילינג היינט ?
אַפילו ווען די זון איז צעשיינט
שטעכט זי אונדז בלויז אין די אויגן !
דער וואַרעמער רעגן זאָגט נישט צו קיין סטויגן,
אויך אונדזער אַקער
גייט אויף איצט אין פלאַקער
פון פייער,

און אוודאי דער שייער,
איז וואָס זשע טויג אונדז דיין שיין?

אָ, פרילינג פון ניינצן ניין און דרייסיק, —
פאַר ווערמען דו ביסט ווײַן,
אָבער פאַר אונדז ביסטו בייסיק,
און פרעסיק,
ווי עסיק.

# אלה אזכרה, — אַז איך טו זיך טאָן דערמאָנען

חודש אלול איז ווינטיק און חודש תשרי זאָגט אָן, אַז עס קומט אָן דער ווינטער.
זעט, זעט, ווי אונדזער הימל איז שוואַרצער, ווי דער טינט אין מיין טינטער!
אַ ווינט, אַזאַ בייזער רייסט די ראָם פון מיין פענצטער אָן אויפהער, —
אזוי פלעגט אַמאָל אן אָטאָ די טעג צערייסן מיין האַרץ דער פאַרכטיקער שופר!

אַז דער אָוונט פאַלט צו נאָך אַ שווערן טאָג, וואָס איז אין שפּאַן מיט דיר געגאַנגען,
באַדאַרף ער דיך קומען אַנטקעגן מיט רחבותדיקע, שטילע און וואַרעמע געזאַנגען,—
ער באַדאַרף דיך אויסטאָן די שיך, און שמייכלען צו דיר מיט אַ פולן סך־הכול.
אָבער אונדזערער איז, ווי אַ היימלאָזער שכור, וואָס שטייט קוים אין זיין וואַקל.
זעט, זעט, — די שאַרף פון אונדזער קאָסע האָט דערגרייכן אונדזער ערד
נישט באַוויזן,
און אונדזער שיף אויפן ים וואַרפט זיך אום, ווי אַ קינד מיט ווילדע קאַפּריזן.
נישטאָ איז די רו, אַז די נאַכט זאָל בשלום אַריבער און אַז קיין חזר חלילה
זאָל נישט אונדזערע סוכות צעוואַליען. פאַרוועמען אָוונט איז, ווי אַ תפילה,
וואָס צערטלט, באַרואיקט, און אונדזערער איז צעכמאַרעט, צעווינטיקט און ברויזיק.
דער טאָג שטעכט מיט גליעקע שפּיזן, און די נאַכט מאַכט פון אונדז חוזק.
גיי האָב טענות צו זיך און צו יענעם, אַז דאָס לעבן רעדט מיט אַ בייזוויליק לשון.
געאַקערט, געזייט, — מיט שווייס אונדזער אייגן לעבן געפלעגט און געדראָשן,
און איצט? — עס רויען חזרים צעכרוקעטע זיך אין דעם מיט די מאַרדעס, —
חזרים צעסוואַסטיקטע, צעכרוקעטע, קרעציקע היטלערשע האַרדעס!
— תקיעה! — שטייט אויף! אָ שטייט אויף און נעמט חשבון פאַר דעם נעכטן!
— שברים! — דער נאַצישער שעכטער ווערט נישט מיד אונדז צו שעכטן!

— תרועה — צום געווער! צום געווער! אומעטום און מיר אַלע צוזאַמען, צוזאַמען!
— תקיעה־גדולה! — אונדזער לעבן גייט אויף איצט אין העלישע פלאַמען!

און טאַמער איז נישט געווען אַט די נאַכט, באַדאַרף נאָך גיסן אַ רעגן!
רציחהדיקע, חיהעשע בליקן לאָקערן אויף אונדז איבער אַלע טונקעלע וועגן!
אונדזער הימל פאַרוואָלקנט, און יעדער וואָלקן ווערט געדיכטער און שווערער!
איבער דעם לויטערן ליכט פונעם לעבן זיצט דער וויסטער נאַצי־פאַרצערער,
און וויפל ער פרעסט נישט און זויפט נישט, קאָן ער דעם אַפּעטיט נישט פאַרשטילן.
זעט, זעט, — עס שטייען פאַרגליווערטע אַזוי פיל פליגל איבער אונדזערע מילן,
און טאַמער באַוועגן זיך נאָך דאָ און דאָרט אין אַ זשאַרנע די שטיינער,
זיינען זיי צעבלוטיקט דאָך פון אונדזערע לייבער, פון אונדזערע ביינער!

אלה אזכרה, — אַז איך טו זיך טאָן דערמאָנען, איז ווי צו די ביינער!
כאַטש נעם אין די אייגענע הענט איצט דיין קאָפּ און וואַרף אים אויף שטיינער!
נעכטן אָוונט האָבן בייטשיקע ליכט־וואָרפערס איבער אונדזערע דעכער
דאָס האַרץ פונעם הימל געשטאָכן, און מיר, ווי די מייז אין די לעכער
האָבן מיט אויערן פאַרשפּיצטע און אויגן צעשראָקענע, געפּלעפּטע
זיך דערפילט מיט אַ מאָל איינע צו די אַנדערע פאַרקניפּטע, באַהעפטע.
איין קרעכץ פון איין האַרץ און איין געראַנגל אָן אויפהער,
און היינט פרי, ווען דער ווינט האָט געבראַכט צו מיין שוועל דאָס קול פונעם שופר,
האָט אָטאָ דאָס קול דורכגענומען ביז די טעפּינישן מיין יעדן אבר.
ערגעצוואו אונטער נאַצישן מעסער גראָבט אַ ייד פאַר זיך איצט אַ קבר, —
דער ווינט צעיאָגט זיינע פאות, און צעיאָגט איז דאָס וויסטע געלעכטער,
וואָס טריפט, ווי פלאַמיקע סמאָלע, דורך די מיילער פון נאַצישע שעכטער.

— תקיעה! — דער רוף איז א גרויליקער, — ער איז אויף מיילן צעצויגן, —
אַ וואָס דערציילן, און וואָס זאָגן יענעם יידנס צעשראָקענע אויגן?
דערציילן זיי די פאַרכטיקע מעשה פון די עשרה הרגי מלכות אונטער די רוימער?
אָדער זיי זאָגן איצט אָן, אַז ווי המנס משפחה, וועלן די נאַצים אויף ביימער
אויך הענגען, און ראָבן וועלן פּיקן דאָס פלייש פון זייערע פאַרשטינקענע לייבער?

— גראָב טיפער! גראָב טיפער! — איז צעכאָרכלט דאָס קול פונעם טרייבער, —
באַלד, באַלד וועלן אַטאַ די יידישע אויגן אויף אייביק זיך שליסן, — תקיעה! שברים!
אויף פעלדער, ביי וועלדער גראָבן אַנדערע יידן פאַר זיך אויך די קברים,
און מיר, אַטאַ דאָ פון דער וויטנס, זיינען אַלץ מיט חשבונות פאַרנומען, —
מיר חשבונען, חשבונען און קאָנען צום סך־הכול נישט קומען!

אַזאַ רעגנדיקער אָוונט היינט! יעדער טראָפּן, וואָס פאַלט אויף מיינע שויבן
צעפליסט זיך, ווי אַ טרער פון אַ קינד. ווער זשע גיסט עס פון אויבן
מיט אַזוי פיל טרערן אַצינד? און וויינען וויינט ער עס דאָרט אויף וועמען,
און אויף וואָס? און ווער, יאָ ווער וועט אַטאַ די טרערן פאַרנעמען?
אַפּווישן אַן אויג? זאָגן אַ טרייסט־וואָרט? אָנצינדן אַ האָפענונג, אַ בייע?
זעט, זעט, — מיר שלעפּן זיך אַלע מיט מידע טריט, ווי פון אַ לוויה,
און לוויות יעדע שעה, יעדע מינוט, יעדע רגע, — עס גוסט אונדזער לעבן,
און מיר האָבן אַלץ נישט דעם מוט ברידערלעך די הענט זיך צו געבן, —
פאַרקניפּן זיך, באַהעפטן זיך אין אַטאַ דער שעה פון גערענגל, דעם גרויסן.
אַזאַ רעגנדיקער אָוונט היינט! עס שלאָגט מיט חושך צו אונדז פונעם דרויסן,
און פינצטער איז אינווייניק אויך, כאָטש מיט אַזוי פיל בראַנדיקע פלאַמען
איז צעצינדן די ערד, און די לופט און דער הימל. אַפילו די ימ׳ען
זיינען איצט דאָך צעברויזטע מיט פלאַמיקן, לאַוויקן, ברויזיקן געוויטער, —
עס זיינען איצט מוראדיקע, פאַרכטיקע טעג, — מיר אַלע אין ציטער.
— תקיעה! שברים! תרועה! און תקיעה־גדולה! עס רופט אַן אַן אויפהער
צו אונדז אַלעמען, אַלעמען דער פאַרכטיקער רוף פון אונדזער, אייביקן שופר, —
ער רופט און זאָגט אָן, און אפשר זוכט ער אונדז אויך עפּעס גאָר צו דערמאָנען, —
אלה אזכרה, — די ווערטער גייען אויף ווי שוואַרצע, טרויעריקע פאָנען!

אַז איך טו זיך טאָן היינט דערמאָנען, ווערט מיין האַרץ פון יסורים צעגאַנגען,
פון דער טיפסטער טיפעניש גייען אויף אַזעלכע שטילע, וויינענדיקע געזאַנגען,
געזאַנג אין געוויין און געוויין אין געזאַנג, — אַזאַ שטילער, טרויערדיקער ניגון!
ער וויגט זיך און ברענגט אין זכרון דעם אַלטן בית־מדרש. עטרהדיקע קעפּ זיך וויגן
צוזאַמען מיטן קאָפּ פונעם חזן ביים עמוד אינעם שיין פון די פלאַמיקע קנויטן,
וואָס וויגן זיך אויך, און וואַרפן פון זיך הייסע, טרעריקע, וואַקסענע צויטן
אויף גליעקע שטענדערס. אב הרחמים, שוכן מרומים, — דו ביסט אונדזער שומר!

געוועזן איז דאָך דײַן הײליקער ווילן, אַז דורך די הענט פון די רשעותדיקע רוימער
זאָלן אויפגײן צו דיר די גופים פון רבי ישמעאל כהן־גדול און רבי שמעון
בן גמליאל, —

דו אַלײן האָסט געלאָזט דאָך דאָס וויסן דורך דײַן הײליקן מלאך גבריאל!
ווי אין פּסוק שטײט, — „בדמיך חיו״ — דורך דײַן פאַרגאָסענעם בלוט זאָלסטו לעבן.
זע, זע, — מיר זײַנען גרײט פאַר דײַן הײליקער גרויסקײט אויך אונדזערע גופים
צו געבן,

נאָר וואָס זשע דען? אַז מיר טוען זיך טאָן אין יענער גרויל איצט דערמאָנען,
קוואַלן אויף זיך די טרערן. וואָרים, וואו זײַנען עס די ריזן, וואָס זאָלן קאָנען
אײַנהאַלטן דעם ווייטיק, ווען זיי הערן, ווי מען האָט פון רבי ישמעאלן געצויגן
די הויט? עס האָבן דאָך די שׂרפים אין הימל געוויינט מיט זייערע פליגל די אויגן,
און געשריגן האָבן זיי מיט צעווייטיקטע קולות, — די וועלט צו צעשטערן,
האָסטו גאָט אַלײן דאָך געדראָעט פונעם אײגענעם ווייטיק, דעם שווערן, —
נו ווײַנען מיר אויך אויפן בראָך, — בפרט, ווען ער ציט זיך איצט ווײַטער!
זע, זע, — אויך דאָס לעבן, אונדזער איצטיקס, גײט אויף אויפן שײַטער!

עס גײט אויף אין זכרון דער אַלטער בית־מדרש. די עדה איז צעוויגט, ווי גראָז
אין געוויטער, —
אַפילו די מעשׂענע הענגלײַכטער וויגן אום זיך אין פאַרכטיק פּחד, — אין ציטער,
אלה אזכרה, — עס ווײנט יעדערער פאַר זיך בלחש, נאָר די לופט איז צעשריגן!
אַ רעגנדיקער אָוונט הײנט. יעדער טראָפּן אויף מײַן שויב איז אַ טאָן פון יענעם
ניגון,

וואָס איז צעווײנט אַזוי שטיל איצט אין מיר. און ווי קאָן מען דען פאַרגעסן,
אַז פיל שווערער נאָך און וויסטער נאָך זײַנען אונדזערע איצטיקע מעת־לעתן!
די ראַדיאָ מורמלט אין כאַרכלדיקן טרויער, — זי שפּײַט מיט גרוילן נאָך גרוילן,—
עס קרעכצן אונדזערע שוועסטער און ברידער הינטער די געטאָ־ווענט פון פוילן!
דער דאָן איז צערויטלט, בײַ דער וואָלגאַ זײַנען הײליקע מענטשן מקדש
דעם נאָמען פון מענטש. ווער מורמלט עס איצט אין דער שטיל: יתגדל ויתקדש
אויף אונדזערע קברים? זאָגט עס איצט אײנעם בית־מדרש, דעם אַלטן
דער חזן אַ קדיש אויף די עשׂרה הרוגי מלכות, וואָס האָבן אויסגעהאַלטן
דעם נסיון פון גאָט? אָדער דאָס זײַנען מײַנע אײגענע ליפּן צעציטערט
פאַר אונדזערע קדושים בײַ סטאַלינגראַד? — די שלאַכט איז צעוויטערט!
— תּקיעה! — די פּנימער פאַראויס צו דעם שונא, און נישט צום הינטער!
— שברים! — עס גײט אויף די נאַצישע פּגרים אונדזער בראַנדיקער ווינטער!
— תּרועה! — עס איז טויט, אָדער לעבן, ווי בר־כוכבא אויף די פּאַסאַדן פון בתּר!

אויב חלילה דער טויט, איז צום אַלעם ערשטן דער וויסטער פאַררעטער!
די ראַדיאָ איז צעכאָרכלט, — איך הער פון בית־מדרש דאָס געוויין פון דער עדה,—
אָ ווער פון אונדז איז היינט נישט גרייט צו זיין אַ קרבן אויף אונדזער עקדה?

אַז מען האָט געקעמט דאָס לייב פון רבי עקיבאן האָבן געוויינט די אותיות פון דער תורה,
רבי חנינה בן תרדיון איז אויסגעגאַנגען אין די פלאַמען אינגאַנצן אָן מורא,
נאָר געקלאָגט האָבן אונטער זיין לייב אינעם שייטער די פלאַמיקע צווייגן.
אויפן מאָרד פון די קדושים האָבן געוויינט די חיות אין די רומישע שטייגן.
אלה אזכרה, — געציטערט האָט דאָס קול פון מיין פאָטער ביי אָטאָ די ווערטער,
און דאָס ציטערניש איז אויפגעגאַנגען אין בית־מדרש פון אַלעמענס ערטער.
— קלאָגט און וויינט, אַלע זין פונעם פאָלק, — באַוויינט די שענצטע פון דער עדה,—
יצחק איז נישט געווען דער איינציקער, וואָס איז געגאַנגען אויף דער עקדה,
עס גייען אַנדערע אויך, און גיין וועט מען ביז מען וועט באַדאַרפן!
אַ רעגנדיקער אָוונט היינט, — עס בליצן פאַר די אויגן די מעסערשע שאַרפן
אין נאַצישע לאַפעס. אָ, וויפל זיינען איצט אין יענעם בית־מדרש געבליבן?
עס איז דאָך אויך איצט, ווי עס איז אינעם אַלטן מחזור פאַרשריבן!
אָ רבי חנינא בן הכינאי! רבי ישבב הסופר! און דו, רבי יהודה בן דמה!
אַז מיר טוען זיך טאָן אַ דערמאָן, צעגייט פון צער אין אונדז די נשמה, —
אָ לעמבערג און קערטש! טריסק און בריסק, בערדיטשעוו, זשיטאָמיר!
און מיר פון דער ווייטנס האַלטן אין חשבון ביים אָנהייב, — נאָך פאַר „ברוך שאמר!"
— תקיעה! — עס רופן אונדזערע שוועסטער און ברידער צו אונדז, — שברים!—
עס שרייען די לעבעדיק־באַגראָבענע פון אונטער די הייליקע קברים!

---

אלה אזכרה, — זאָלן די קומענדיקע דורות אָט די פאָרכטיקע ווערטער געדענקען!
נישט אייביק וועט די ערד אין אונדזער פאַרגאָסענעם בלוט זיך דאָך שווענקען!
איצט רעגנט די נאַכט, אָבער נישט געמינערט אין אונדז איז דער גלויבן,
אַז סוף כל סוף וועט אויפגיין די זון און דערגרייכן אויך אונדזערע שויבן.
און דעמאָלט? — יאָ, איך הער שוין דאָס יובל־געזאַנג פון פעלקער אויף וועגן,
וואָס גייען זיך איינע די אַנדערע, ווי שוועסטער און ברידער אַנטקעגן,
און מיין פאָלק איז אויך צווישן זיי מיט אַלעמען, אַלעמען צוזאַמען.
איך זע שווימענדיקע שיפן איבער אַלע שטילע, און פרידלעכע ים׳ען,
און יאָגט אַן עראָפּלאַן אין דער הויך, איז ער אַ גרוס פון די הויכן,
און פרואוון קליינע זילבער־שיפעלעך אין די אָפּגרונטן זיך טויכן,
איז דאָס, כדי נייע, פריידיקע דערגרייכונגען צו ברענגען פאַר מענטשן.

סוף כל סוף וועט דאָך קומען דער טאָג און מענטש מיט מענטש וועט זיך בענטשן,
אָבער דעם „אלה אזכרה״ וועלן מיר דאָך נישט פאַרגעסן. ער וועט אונדז דערמאָנען
עד סוף כל הדורות. ער וועט פלאַטערן אויף אַלע אונדזערע פאָנען,
ווי אַן אייביקער זכר אויף אונדזערע געפאַלענע שוועסטער און ברידער.
עס וועלן זייערע ליכטיקע נעמען אָפּקלינגען אין אַלע אונדזערע לידער, —
אַזאַ גרויליקער איז דער דער תקיעה און אַ צעבראָכענער איז דער שברים,
אָבער תרועה איז שאַליק, און תקיעה־גדולה איבער היטלערשע קברים!

# דער חושך פון אורוואַלד

## א.

דער חושך פון אורוואַלד,
פון שוואַרצוואַלד,
פון אונטער די לינדן, —
מיר וועלן די לאַפּעס זיינע בינדן,
די פעל זיינע שינדן,
און זיינע ביינער אין דעם אָפּגרונט צעוואַרפן!
לאָמיר אונדזערע מעסערס נישט אויפהערן שאַרפן!

— אהאַ! — שרייט דער ים, און די ערד שרייט נאָך העכער!
דער חושך צעיאָגט איז פון פינצטערע לעכער
מיט צייכנס פון טויט אויף זיינע פינצטערע פאַנען,
און ער שלאָגט מיט געבריל פון זיין אָפּגאָט וואַטאַנען
אויפן רוקן פון ווילדסטן, צעוויטערסטן שטורעם!
עס איז אים ווייניק פון קעלער, ער וויל אויך פון טורעם
זיינע פינצטערע שאָטנס צעוואַרפן, צעשפּרייטן,
און פאַרשלינגען אין זיך אונדזער פעלד מיט געוויקסן פאַרזייטן!

רייט שטורעם אויף שטורעם מיט שטעכיקע שפּאָרן,
און זייט אומעטום די גיפטיקע קערנער פון צאָרן, —
דער קעלער האָט דעם טורעם דאָס ליכט נישט פאַרגונען,
האָט ער זיך מיט קרעציקע נאַצים צערונען!

— אַהאַ! — שרײַט די לופֿט, —
זי װײנט און זי רופֿט,
און איז, װי דער ים איצט צעװויטערט, —
גאָט און מענטש, — בײדע גלײַך איצט צעציטערט!

געפּרואװט האָט מען רחמים, און געװען איז קײן זין נישט.
בײם אָפּגאָט װאָטאַנען איז דין אױך קײן דין נישט!
כל־זמן מען װעט דעם אָפּגאָט פֿון אורװאַלד,
פֿון שװאַרצװאַלד,
פֿון אונטער די לינדן
די לאַפּעס נישט בינדן,
װעט ער ברענען, און צינדן
אַלץ מערער און מערער,
װײל אָפּגאָט װאָטאַן איז דורכאױס אַ פֿאַרצערער!

## ב.

זעט, זעט, — װאָס געװען איז קאָשמאַר
איז איצט װאָר אַ רעאַלע!
צי גרױס די געפֿאַר,
אַז מען זאָל פֿרעגן אַ שאלה,
צי אונדזער שנאה איז כשר?
עס איז געקומען דער טאָג אַז מיר זאָלן זינגען „אָז־ישיר״
צו אַלע, װאָס שלײדערן טױט פֿון קאַנאָנען
אױף די קנעכט פֿון װאָטאָנען!

איצט קרישלען זיך בערג, — זײ פֿאַלן פֿאַנאַנדער!
די כװאַליעס אױף ים׳ען אין אײזיקן װאַנדער,
און גרעזלעך אין די טאָלן אַפֿילו
האָבן איבערגעריסן די בלחשדיקע תּפֿילה,
און זײנען צעברױזט איצט, װי לאַװע!
קײנער איז איצט נישט מקבל באהבה,
און קײנער בױגט דעם קאָפּ נישט אין דער נידער,
נאָר גײט אױף אין גרעאַנגל אַלץ װידער און װידער!

ג.

אַנטקעגן די פינצטערע נאַציס צעפויזטע
רופן באַפעלן פון מאָסקווע צעברויזטע,
צעגליטע וואולקאַנישע,
וואַקסן כוחות טיטאַנישע,
וואָס צינדן די נאַצישע פּיאַטעס מיט וואונדן!
אָט זעט, ווי צעצינדן
אין גליעקע פלאַמען
איז איצט די שטוב פון מיין מאַמען,
און אַזוי אויך איר שטאָל און איר שייער, —
דאָס לאָזט זי מיר וויסן דורך פייער,
ווי דאָס ליכט איז איר טייער!

ד.

— אַ בריוועלע דער מאַמען
זאָלסטו נישט פאַרזאַמען! —
איך שרייב דאָס!
איך שרייב דאָס!
ווערסט דערהאַלטן אוי מאַמע!
דיין אַדרעס איז: — צי אַ פאַרטיזאַנקע, מסתמא!

ה.

עס ציט זיך דער חושך, אָבער ער וועט נישט דערציען.
עס ווילן די שטראַלן אים צעזעגן די קניען!
אַ בלינדער דער חושך — ער זעט נישט די וועגן,
צעשלאָגט ער דעם פּרצוף אָן דעם ליכט אים אַנטקעגן,
און ברעקלט אויף שטיק זיך פאַנאַנדער
אין וואָגל, אין וואַנדער
אַנטקעגן די שטראַלן.

דער חושך וואָס איז אויף דער זון אָנגעפאַלן,
ווייל אים האָט דאָס ליכט, ווי מיט שפּיזן געשטאָכן,

ווערט ביסלעכווייז אויף מייליקע פעלדער צעבראָכן.
ער רעוועט נאָך, כאָרכלט נאָך, שלאָגט נאָך מיט פינע,
אָבער ער וואַרגט זיך שוין איצט מיט זיין אייגענער שנאַה, —
געשלונגען האָט ער דאָך אין סעוואַסטאָפּל
פאַרסמטע נבלה פונעם אייגענעם גאָפּל,
און שלינגען נאָך וועט ער געגנוג אייגענע ווערים,
ביז דער סם וועט צעברענען זיינע אַלע געדערים,

און דעמאָלט ? ערשט דעמאָלט וועט די זון אויפשיינען ווידער,
און אַלצדינג אין לעבן וועט אויפזינגען לידער, —
די לידער פון ליבשאַפט צום ליכט און צום לעבן !
די ערד, ווי אַ מאַמע וועט מתּנות אונדז געבן,
אַזוי אויך די לופט און די זון און די ימען,
און מיר וועלן זינגען אין כאָרן צוזאַמען
דאָס ליד פון אונדזערע הייליקע קריגער, —
דאָס ליד פון אונדזערע הייליקע זיגער !

# פאַר דער שנאה אין מיר!

זיי פאַרשאָלטן ביזן סוף פון די דורות פאַר דער שנאה אין מיר,
וואָס דו האָסט אָנגעצונדן מיט דיין רשעות. זי זוכט איצט דיין טיר
מיט דיין אייגענעם פאַרצערנדיקן פייער, וואָס דו האָסט מיר איבערגעגעבן,
און וועט זי דערגרייכן צו איר, וועט אויפגיין דיין לעבן
אין זשאַריקן אַש, וואָס דער ווינט וועט צעטראָגן, צעווייען!
הער, הער, — עס שאַרן זיך טריט, — זיי קומען, זיי גייען
מיט ברויזיקער שנאה, און גרויזאַמער נקמה צו דיין שוועל.
עס קרעכצט פון הונגער דער שאַרף פון מיין מעסער נאָך דיין פעל,
און ווייַנט פון דורשט נאָכן בלוט פון דיין גיפטיקן פלייש.
זע, זע, — עס פלאַקערט מיין שנאה צו דיר, ווי אַן עמוד־האש,
וואָס ווייזט מיר דעם וועג צו דיין טיר, און מעגסטו, ווי חושכדיק זיין,
וועט אויסזיכן דיך דאָס שנאהדיקע פייער אין מיר מיט איר שיין,
ווי אויסגעזיכט האָט דער עמוד־האש פאַר מיינע אבות דעם וועג
אין פינצטערע נעכט דורך דער מדבר. די גזלה אין דיינע זעק
וועט אומגעקערט ווערן צו די באַגזלטע דורך דיינע ברודיקע הענט.
און דאָס בלוט פון דיין צעכאָליעטן האַלדז וועט איבער אַלע ווענט,
און שטיינער אויפן ברוק זיך צערויטלען פאַר חזרים צו לעקן, —
אַ שאָד נאָר, וואָס אויך אַזוינעם, ווי דו, וועט אויך פאַרדעקן
די ערד, ווי זי האָט דיינע קרבנות ביז איצט שוין פאַרדעקט, —
אַזוינעם, ווי דו מיט אַ מעקער, וואָס מעקט און אויף אייביק פאַרמעקט,
אַז נישט בלייבן זאָל קיין זכר, קיין סימן פון דיר אין דער ערד,
ווען דער אויפבוי וועט קומען פון דעם, וואָס דו האָסט צעשטערט.

זע, זע, — מיין שנאה צו דיר שפּיגלט זיך אָפּ אין אַלץ, וואָס איך טו.
היינט אָוונט בין איך געזעסן ביים ים־ברעג אין בענקשאַפט נאָך רו, —
אין בענקשאַפט נאָך רו פון מיין ברויזיקער, זודיקער שנאה צו דיר.
דער אָוונט האָט געקילט מיין געמיט מיטן טעם פון אַ קילער גלאָז־ביר, —

גערקילט און גערעגט, ווי אַ שטילער, ציטעריקער אומרו אין דרימל, —
ווי גליעקע, רויטלעכע שטראַלן פון דער זון ביים פאַרלאָזן דעם הימל.
נאָר פּלוצלונג האָב איך דערפילט טיף אין זיך, אַז אין אַזעלכע טעג,
ווען דו מיט דיין גרויזאַמער רשעות ביסט נאָך אַלץ אויף אונדזער וועג,
איז דער אָפּרו אַ לוקסוס, אַ זינד, וואָס מען קאָן זיך איצט נישט פאַרגינען.
מיין געמיט האָט ווידער אָנגעהויבן צו הערן די קולות פון רואינען.
געליאַרעמט האָט דער ים אַרום מיר, — געשלאָגן האָבן זיך די כוואַליעס
צו די ברעגן.
נאָר דאָס האַרץ מיינס האָט נאָך שטאַרקער געשלאָגן זייער ליאַרעם אַנטקעגן.
געשלאָגן מיט ווייטיק צעשריגענעם האָבן אין מיר אַלע גלידער, —
דער ווייטיק פון אונדזערע טאַטעס און מאַמעס, פון אונדזערע שוועסטער
און ברידער
אויף יענע זייטן פון די געטאָ־ווענט אין טשעכיע, פראַנקרייך און פוילן.
פאַר מיינע אויגן זיינען אויפגעגאַנגען די גרויזאַמע בלוטיקע גרוילן,
וואָס דיינע רשעותדיקע זין האָבן אין די סאָוועטישע ישובים באַוויזן,
און דערמאָלט האָבן די שטערן פון דער הויך מיך געשטאָכן מיט שפּיזן,
און יעדער שטאָך האָט אָנגעפילט מיין לייב מיט אַזאַ בלוטיקער שנאה.
דאָס האַרץ מיינס, וואָס פלעגט וואַכיק זיין צו טענער בלויז דינע,
איז איצט דינאַמיט אויף אויפצורייסן אַלצדינג, וואָס איז דייטשיש, —
אַ קללה אויפן קאָפּ פון אַ פאָלק, וואָס איז אַזוי גרויזאַם און בייטשיש, —
אַ פאָלק, וואָס האָט באַוויזן אויסצובריען אַזאַ היטלערן אין זיך,
האָט דאָך נישט די ווערט אויף די גלידער קיין מלבוש, קיין שיך!

אַזאַ פאָלק אין דעם אורוואַלד צוריק! אָדער אין זו הינטער גראַטעס!
קומט, לאָמיר זיך צונייען אויף אונדזערע קליידער די געלע לאַטעס, —
עס איז אונדזער זכיה! — נישט געלע זיינען זיי, נאָר גאָלדענע זונען
פון דייטשן פאַרשעמטע! איצט זיינען מיר די איינציקע בלענדן צווישן די הונען!
די איינציקע בלענדן, וואָס שניידן דעם חושך מיט צעלויכטענע שטראַלן, —
די איינציקע, וואָס שיקן אַריבער אין ווייטקייטן צעשטראַלטע סיגנאַלן, —
און מיר אין די ווייטקייטן זעען זיי, פילן זיי, און מיר גייען אַנטקעגן!
מיט אָטאָ דער לאַטע דער געלער האָבן מיר נישט איין מאָל געמאָסטן די וועגן
אונטער בייטשן צעקנאַלטע, און גייען מיר איצט אונטער זיי ווידער,
און לאָזן נאָך זיך אַזוי פיל הייליקע קברים פון שוועסטער און ברידער,
איז אונדזער טרייסט, וואָס די קברים פון אונדזערע רוצחים זיינען פיל מערער!
עס קלאַפּט איצט די שאָף מיט איר קלאַ אַרויס די שער פונעם שערער,

און לאָזט שוין די וואָל אירע איצט ליבערשט מיט די ווינטן אַוועק.
אויב פרירן און אומקומען פון קעלטן איבערן פּראָסטיקן וועג,
איז ווי שמשון הגבור אין טעמפּל מיט די פּלישטים צוזאַמען, —
אויב אומקומען אין פייער, איז אויך דעם רוצח מיט זיך אין די פלאַמען.
נישט מער קיין הכנעה, — נישט מער קיין געבויגענע קעפּ אונטער בייטשן, —
עס איז אונדזער „קדוש־השם״ פונעם היינט, — דער קאַמף מיט די דייטשן.
די ראַדיאָ חשבונט: אַ טויזנט ביי רזשעוו, און מער ביי מאָזדאָק,
און מיך טוט פונעם בענקל לעבן איר אַ וואָרף און אַ טראָג, —
וואָס מער? און ווען מער? איך מוז געגנוי די צאָל פון די פּגרים דאָך וויסן,
פאַרשאָלטן זיי דייטש, וואָס האָסט באַוויזן אין מיין געמיט אָנצוגיסן
אַזוי פיל שנאה צו דיר: — אַ שנאה, וואָס איז ווי אַ וואונד צעיאָטערט, —
אַ שנאה, וואָס איז, ווי אַ הונגער, וואָס פּייניקט און מאַטערט.
מיין הונגער איז די שנאה צו דיר, — דיך ביזן גרונט צו פאַרצוקן!
זע, זע, — סאַראַ תאוה נאָך דיין בלוט עס רייט אויף מיין געפּייניקטן רוקן,
און ווי שווער אָט די תאוה איז מיר, וועל איך זי פון זיך נישט פאַרלירן,
ווייל מיט אָטאָ דער תאוה, וועל איך דיך צו דעם אָפּגרונט דערפירן!

דער אָפּגרונט, — בלויז ער איז דיין אָרט, — מיט די וויסטע רשעים פון סדום.
געבענטשט זיי, סאָוועטישער העלד, אונדזער ליכטיקער גואל־הדם!
איך גיי נאָך דיינע טריט פאָראויס און צוריק און ווידער פאָראויס.
אין דיין שווערן געראַנגל וואַקסטו אויס אַזוי ליכטיק און גרויס,
אַז איך מוז פאַררייסן מיין קאָפּ, כדי צו דערזען דיינע קני.
געבענטשט זיי, אַמעריקע, מיין לאַנד, מיין באַליבטס, און אַלע די,
וואָס פאַרוואַנדלען זייער בלוט איצט אין גאַז און אין אויל פאַר דעם פייער
אויף יעדן דאַך פון אַ דייטשישער שטוב און אַ דייטשישן שייער,
און פאַרשאָלטן זיי דייטש פאַר אָט דעם באַגער, וואָס דו אַליין
האָסט אין מיין האַרץ אָנגעצונדן, — אַ באַגער, וואָס איז דאָך געמיין!
אַ באַגער, וואָס באַדעקט נישט איין מאָל מיין פּנים מיט בושה!
אָבער איז ער דען נישט דיינער? איז ער נישט דיין וויסטע ירושה? —
זע, זע, — אין יעדער שטוב דיינער אַ רוצח, און אין יעדן שייער דיינעם גזלה, —
דאָס בלוט פון מיינע שוועסטער און ברידער אין יעדער דייטשישער כלי,
און זעט, ווי איר זשליאָקעט דאָס מיט אייערע מאָרדעס צעליאַפּעטע, נאַסע!
אַ קלאָג צו וואַטאָנען, — אייער גאָט מיט זיין העכערער אַרישער ראַסע!
דער חזיר, וואָס כראָמטשעט ביי יעדן אָפּטרעט דאָס פּסולת
איז אויך זיכער ביי זיך, אַז ער איז צווישן ברואים דאָס סולת!

אָ ניין! איך בעט נישט קיין מחילה פאַר דער ברוויזיקער שנאה אין מיר!
און וואָלט איך געקאָנט דען אין די איצטיקע שעה׳ען לעבן אָן איר?
דערציילט יעדן אַנדערן, אַז אויך טעלמאַן איז דייטש, און אַז ער, —
איך ווייס דאָס! איך ווייס דאָס! — עס איז נישט טויב מיין געהער!
עס זיינען דאָ, אויך די טעלמאַנס, וואָס זיינען פאַרפייניקט, ווי מיר, —
נאָר קאָנען די עטלעכע צעלן געזונטע מכפר זיין אויפן גאַנצן געשוויר,
וואָס רופט זיך דייטשלאַנד? אָ, פאַרשאָלטן אויף אייביק זיי, דייטש,
וואָס האָסט מיט דיין רשעות פאַרוואַנדלט מיין געמיט אין אַ בייטש,
וואָס האָט איין באַגער איצט צו צעפּאַסעווען דיין ווילסט געביין.
זע, זע, — איך בין דורכאויס איצט נעגל, דורכאויס איצט ציין
דיך צו רייסן און בייסן אָן אויפהער. זע, זע, ווי דער שאַרף
פון מיין מעסער איז צעבענקט נאָך דיין האַלדז. אַזוי בענקט דאָך די האַרף
נאָך פינגער אויף אירע סטרונעס, כדי צו געבן אויסדרוק פון זיך!
און אַז עס טרעפט, — איך צעטראַכט זיך, אַז מיט אָטאָ דער שנאה בין איך
נישט בעסער פון דיר, שיק איך אַ קללה צום אייגענעם טרפהנעם בלוט,
אָבער אַ טרייסט איז אויך דאָ, וואָס אָטאָ די טרפה מאַכט קרעפטיק מיין רוט,
וואָס וועט סוף כל סוף קומען אויף דיר מיט דער בראַנדיקסטער נקמה,
און, אַז איך טראַכט אָט אַזוי, איז דיין טרפה אין מיר מיין נחמה.

# צו דער רויטער אַרמיי!

מיט אונדזערע מוחות, הערצער און געמיטער
זיינען מיר מיט דיר, — אונדזער באַהיטער
פון די סאָוועטישע גרענעצן.
פונקט, ווי ביי דיר ווערט נישט גענעצן
דער האָס אין אונדזער בלוט
צו דער וויסטער נאַצי־רוט,
ווי נישט געגענעצט האָט ער ביז איצט!

די צייט האָט אונדז אין זיך אַריינגעקריצט
קיינמאָל מער נישט אָפּגעמעקט צו ווערן.
נישטאָ קיין צייט איצט אויף קיין טרערן, —
צו ציטערן, ווי אַ בלאַט אויף בוים פון ווינט.
אַרמיי סאָוועטישע, דו ביסט דאָס כשר קינד
אויסגעהאָדעוועט פון אויסגעפּרוּאווטן דור,
וואָס האָלט די אויגן אָפן צו דער וואָר!

מיט דיר, מיט דיר, — נישטאָ קיין צייט איצט אויף צו רוען!
מיט דיר, מיט דיר, — אין אַלצדינג, וואָס מיר טוען!
מיט דיר, — אין אַלע אונדזערע געדאַנקען, —
אויף עראָפּלאַנען, שיפן, און אויף טאַנקען!
פון איצט אָן וועלן שוין קיין בעסערע געשאַנקען
נישט זיין פאַר אונדז פון דיינע זיגן אין די שלאַכטן!
מיט דיר, מיט דיר, — אויף יעדן פּונקט באַוואַכטן,—
אין לופט, אויף ים און אין טראַנשיי, —
מיט דיר, מיט דיר, — צוזאַמען איין אַרמיי!

ווי גערן איך וואָלט איצט געביטן דעם פּאָעט
אין זיך אויף שאַרפן באַיאָנעט!

עס רײַסן זיך די טריט,
דאָס האַרץ איז אָנגעגליט, —
יעדער נערוו איז אָנגעצויגן!
ניין, עס וועט דער וואונדער־שײנער רעגנבויגן
נישט לאָזן זיך פאַרווישן פון דער נאַצי־פויסט!

אָ זיי געגריסט, געשטאַרקט, געגרויסט,
אַרמײ פאַרברידערטע, פאַרשוועסטערטע!
דורך דיר גייען אויף די געלעסטערטע
אַנטקעגן די לעסטערער פון אונדזער לעבן.
אין דײַנע האַראַפּאַשנע הענט איז געגעבן
די שײנקייט פון אויפגאַנג און פון ליכט!

ווי גוט, וואָס נישט אומגעריכט
האָט דיך די שוואַרצע מאַכט געטראָפן!
דו האָסט נישט געדרימלט, און די ביסט נישט געשלאָפן,
ווען די גנבים האָבן זיך געשאַרט בײַ דײַנע ווענט
דורך דער נאַכט.
דײַן לאַמפּ האָט געברענט,
און דו האָסט געוואַכט,
און דו וועסט ווײַטער וואַכן!

מיר וועלן נאָך דערלעבן צו לאַכן
פון דער וויסטער נאַצי־פויסט!
אָ זיי געגריסט, געשטאַרקט, געגרויסט,
און וויס, אַז אין דײַן יעדן קער און ריר
זײַנען מיר מיט דיר, מיט דיר!

# אַ בריוועלע דער מאַמען!

אַ בריוועלע, אַ בריוועלע דער מאַמען, — מיין אַלטער גוטער מאַמען!
שוין וויפל מאָל, אַז איך האָב אַזאַ בריוועלע געגומען שרייבען, —
אַ בריוועלע, אַ בריוועלע דער מאַמען, זאָלסטו נישט פאַרזאַמען!
אָבער וועט מיין בריוועלע צו דיר, אַ מאַמע זיך דערקלייבן?
דער וויסטער שטורעם האָט אויפגעריסן אַלע וועגן, צעוויטערט אַלע ימ׳ען,
און אויף זיין שטורעמדיקן רוקן טראָגט ער איצט דעם טויט, צעגרוילטן,
נו וועל איך אָט דאָס בריוועלע צו מיין אַלטע, גוטער מאַמען
שוין שיקן איצט דורך דעם הויכן ברייטן רוים, צעהוילטן!

וואו ביסטו איצט? וואו ביסטו איצט? מיין כשרע, מיין גוטע מאַמע?
דאָס שטיבל דיינס פאַרברענט, דיין ביסל האָב און גוטס פאַרנומען!
דיין גאָרטן איז צעטראָמפּלט פון רשעותדיקע טריט מסתמא, —
אַ ווילדער שטורעם איז פון פרעמדע וייטן פלוצלונג אָנגעקומען,
און אומרחמנותדיק אַ וואָרף געטאָן זיך און צעשמעטערט
דאָס ביסל אָפּרו דיינס אויף דיינע שטילע, אַלטע יאָרן, —
אָט האָסטו דיר דעם שיינעם תּכלית, — געקלעטערט און געקלעטערט,
און פלוצלונג אָן אַ וואָרנונג, — דער לייטער אַ צעבראָכענער געוואָרן!
אַ ליבע מאַמע, כשרע, דו מיינע, — איך צאַפּל איצט זיך מיט דיין צאַפּל!
זע, זע, — ווי מיינע ציטערדיקע הענט איצט ציטערן, און ציטערן!
אַ האַלט זיך מאַמע מיט די לעצטע כוחות אויף דעם שאָקלדיקן שטאַפּל,
און פאַל נישט צו דער ערד, — דו ביסט געוואוינט דאָך צו געוויטערן!
דיין לעבן איז דאָך שוין אַזוי פיל שווערע שטורעמס דורכגעגאַנגען,
און דו האָסט וועגן זיי דערציילט דערנאָך אין נחת און אין פריידן, —
האָט מרדכי סוף כל סוף המנען אויף אַ בוים דאָך אויפגעהאַנגען,
און דו האָסט פורימדיקע המן־טאַשן געבאַקן פאַר אונדזביידן!

וואו ביסטו ליבע מאַמע? וואו זיינען נאָך אַ סך, אַ סך אַזוינע מאַמעס?
די שוועסטער מיינע? אירע קינדער? און אַלע אייגענע וואו זיינען?
פאַרגיב, וואָס איך בין איצט אין די משפּחהדיקע דלד־אמות, —
געדענק איך דאָך, ווי דו האָסט מיך געלערנט: — ווען דעכער ברענען,

און די געשרייען פון שוועסטער און פון מאַמעס רייסן זיך דורך פייער,
איז יעדע דיר אַ ליבע שוועסטער, איז יעדע דיר אַ ליבע מאַמע!
און איצט, ווען אונדזער לעבן איז אַ גרויסער, אָפּגעברענטער שייער,
איז טראַכטעניש פון זיך, ווי מאַכן זיך מיט טרפהנעם מטמא.
און דו, אַ מאַמע מיינע כשרע, האָסט שטענדיק מיך דערווייטערט פון דער טימא!
דו האָסט געבאָדן מיך נישט נאָר אין וואַסער, נאָר אויך דאָך אין דיין תפילה,
און ווען איך האָב געזעגנט זיך מיט דיר, האָסטו מיר דאָך אַ גאַנצענע רשימה
מיט אָנזאָגן אויף די וועגן מיטגעגעבן, און איך? — אין שעה׳ן שטילע
קוק דאָך אַריין אין איר, און לייען שורהלע נאָך שורהלע מיט גרויס כוונה:
— די ערד איז גאָטס, אַזוי אויך אַלצדינג, וואָס אויף איר פאַראַנען, —
די הויכן אויך, די הימלען אַלע זיבן, — די שטערן און די זון און די לבנה,
נאָר גאָט אַליין איז אונדזערער, איז גרינג מיט אים זיך אויסצוטענהען!

— איז טענה זשע מיט אים, מיין קינד, — ער וועט דיך אויסהערן, נישקשה!
נאָר ווען דו וועסט דאָס טאָן, — פאַרגעס נישט פריער דיינע הענט צו וואַשן,
און ריין זאָל אויך דאָס האַרץ דיינס זיין, ווען אָנקלאָגן וועסטו אַ רשע.
דיין טענה זאָל נישט זיין פאַר רויבן בלויז פון דיינע הויזן־טאַשן,
נאָר פאַרן רויב פון גאָטס פאַרמעג, וואָס איז דאָך יעדן איינעמס, —
דעם שכנס פונקט, ווי דיינס, ווייל וועלט איז גאָטס, און ער, דער בורא־עולם
איז יעדן איינעמס, — דייגער, מיינער, און אודאי אויך די שכנימס,
און נאָך זאָלסטו געדענקען, אַז ווי דער חכם, דאַרף לעבן אויך דער גולם!

דו הערסט מיך מאַמע? איך טראָג נאָך איצט די אָנזאָגן דיינע, ווי קמעות!
דאָס לעבן האָט אַרומגעשוויו׳ן פון מיין פּנים אויף די ברייטע וועגן
אַ סך, אַ סך ירושה און מיט איר אויך די באָרד און מיינע פּאות,
נאָר די רשימה דיינע איז געבליבן, — איך גיי מיט איר אַנטקעגן
יעדן אויפגייענדיקן טאָג, און יעדן אָוונט, וואָס צעשפּרייט זיך.
אין שאָטן און אין ליכט האָב איך די ווערטער דיינע נישט פאַרגעסן.
אין ליכט, — ווען האַרץ גייט אויף, פאַרנעמט, באַנעמט און פרייט זיך,
און אויך אין שווערע שאָטנס, ווען וואָלקנס דריקן מיך און פרעסן!

# מיר הערן אייך און גייען מיט אייך מיט!

— !אייער אויפגעברויזטער, ברידערלעכער רוף
איין אבר צו דעם צווייטן אין דעם זעלבן גוף,
און יעדער אבר ענטפערט ראַשיק אָפּ, איז גרייט
זיך דורכצורייסן דורך דער זשאַווערדיקער קייט,
— ,וואָס רשעות אויף דער ערד אויף אונדז פאַרציט
!מיר הערן אייך, און גייען מיט אייך מיט

— !אויף טויט און לעבן, — מיר גייען מיט אייך מיט
הערט, הערט, — די ערד איז אויפגעקאָכט, צעזידט,
ווייל אַלע זיינען איצט דאָס האָלץ אין פלאַם, אין רויך,
און אַז עס פאַלט די האַק אויף אייך, דערפילן מיר זי אויך,
און פונקט, ווי איר זיינען מיר איצט העק אַנטקעגן העק
אין לאַפּעס פון דעם שונא דורך די נעכט און טעג.

— !מיט העק אַנטקעגן העק, מיט שטריק אַנטקעגן שטריק
מיר גייען איצט אַנטקעגן שונא פוןביידע זייטן בריק,
און כאַפּן דעם ברידערלעכן אויפגעברויזטן איבער־רוף,
ווי אבר פון אַן אבר אין דעם זעלבן גוף,
ווי צווייגן פון די צווייגן אויפן זעלבן שטאַם,
!ווי כוואַליעס פון די כוואַליעס אינעם זעלבן ים

דערהערט איז אומעטום דער ברידערלעכער רוף,
צעפיבערט און צעציטערט איז דער גאַנצער גוף
מיט שנאה צו דעם פאַרשאַלטענעם.
משה האָט אַמאָל אונדז דורכן ים געשפּאַלטענעם
אַרויסגעפירט פון פרעה׳ס רשעותדיקע הענט,
נאָר הינטער אונדז האָט ער דאָס רשעות נישט פאַרלענדט.

נו לעבט זי נאָך די רשעות, פאַרגינט אונדז נישט די שעה,
אָפּט דאַכט זיך אויס איין טייל פון אונדז, אַז זי איז מער נישטאָ,

נאָר אַז זי ווײַזט זיך דאָך, דערפֿילן מיר זי אומעטום, —
אַז עס פֿאַלט די בײַטש אויף אײַך, איז אונדזער לײַב נישט שטום, —
עס שרײַט די פּײַן, ווי אײַערע דאָרט, אויך אונדזערע דאָ, —
מיר זײַנען אַלע איצט דאָך אונטער רשעותדיקער קלאָ!

און נישט קיין שאָף מער, וואָס לאָזן שערן זיך די וואָל,
און מעקען צו דערבײַ מיט אַ הכנעהדיקן קול,
נאָר לײַבן קעגן וועלף אין שטורעמדיק געפֿעכט.
מיט אײַך צוזאַמען דורך די טעג, און נעכט
אין דעם געראַנגל קעגן שונא ביז צום סאַמע ענד, —
מיט אײַך צוזאַמען אין דעם פֿײַער, וואָס עס ברענט!

אײַער אויפֿגעבורויזטער, ברידערלעכער רוף, —
איין אבר צו דעם צווייטן אין דעם זעלבן גוף!
און ברענט דאָס לײַב אויף אײַך, ברענט בײַ אונדז דאָס אויך,
און גייט פֿון אײַער לעבן אויף אַ פֿלאַם, אַ רויך,
זײַנען מיר, ווי איר אין זעלבן רויך, אין זעלבן פֿלאַם, —
מיר זײַנען אַלע צווײַגן פֿון דעם זעלבן שטאַם!

# אַזוי פיל טייערע קברים

ניין, דער איצטיקער שטורעם איז נישט געקומען אומגעריכט.
גרויע, אַנגעשוואָלענע וואָלקנס האָבן שווער און געדיכט
זיך געקליבן איבער אונדזער הימל שוין פון לאַנג.

אויף אַ פריש־געמאַכטער און נאָרוואָס אָפּגעפּאַרבטער באַנק
אין איינעם פון די פּאַרקלעך פאַר אָפּרו און קולטור
ערגעצוואו אין אַ ישוב נישט ווייט פון דעם טייך אמור
איז געזעסן אַן אומרואיקער זקן פאַרטראַכט.
עס איז געווען אַ האַרבסטיקער צווישן טאָג און נאַכט,
ווען עס איז גוט זיך צו שפּילן מיטן לולקע־רויך,
וואָס קרייזלט זיך פון מויל אַוועק אין דער הויך.
און צו זיצן אָט דאָרט איז אים דווקא געווען גוט און וואויל,
וואָרים געקומען אַהער איז ער נאַקעט און הויל
אין יענע טעג, ווען די נייע וועלט
האָט דאָס אַלטע באַלעבאַטישקייט איבערגעשטעלט.
און איצט ? — נו, דאַנקען גאָט, געווען איז אַ גוטער שניט,
און זע נאָר, זע, ווי ליב דער האָריזאָנט איז צעגליט !
די אַלטענקע זיינע קאָכט וועטשערע אין הויז,
די שנור שפּילט זיך מיט זיין אייניקל אויף איר שויס,
און זיין זון איז אין שטאָל ביי די קי.

זע, נאָר, זע, ווי די זון גייט אונטער אין גאָלדענעם גלי
אויף דער קעגנאיבערדיקער צעבליטער בייט,
נאָר פלוצלונג דערהערט ער, — מע גייט און מע גייט
טריט אין טראָט, טריט און טראָט אין דער ריי.
— אַהאַ, דאָס זיינען די יאָטן פון דער רויטער אַרמיי,
און עס שמייכלט דער זקן, וואָס זיין אייניקל איז צווישן זיי.

— ווען קריג וועט זיין מאָרגן, זיינען גרייט מיר שוין היינט !
עס שמייכלט דער זקן, — זיין פּנים צעשיינט,

און עס דאַכט זיך אים אויס, אַז די זון, און די בייט און די באַנק
זייַנען פול מיט דעם געזאַנג
און מיט ציטערדיק קול זינגט ער אויך שוין מיט
אַט אָ דאָס ליד:
— ווען קריג וועט זיין מאָרגן, זייַנען גרייט מיר שוין הייַנט
אַנטקעגן דעם פייַנט!

נאָר פּלוצלונג גיט ער זיך אַ כאַפּ, אַז אין אָטאָ דער שעה
איז אין פּאַרקל אָט־דאָ,
אַן עוולה צו זיצן.
נעכטן האָט ער אויף אַ מיטינג געהערט,
אַז עס קלייבן זיך דונערן און בליצן
אויף דער סאָוועטישער ערד,
און אַז מוראַדיקע רעגנס
קאָנען אונדזערע פאַרמעגנס
שטעלן אין קאָן.

פון אַ נאָענטן בערגל האָט געפלאַטערט די פאָן
אַזאַ יונגע, אַזאַ בראַווע,
און דער זקן האָט דערפילט, אַז נאָך יונג און נאָך זשוואַווע
זייַנען אַלע זייַנע גלידער,
און ווען דער קריג איז טאַקע געקומען
האָט ער צוזאַמען מיט זייַנע פּאַרטיזאַנישע ברידער
אַ ביקס אויף גענומען,
און געווען אויף אַלצדינג שוין גרייט.

אַ שאָד נאָר, וואָס אונדזער קומענדיקע פרייד
וועט דאַרפן טראָגן אויף איר אָרעם
אַזוי פיל טייערע קברים!

# איצט באַגייט די זון אַן עברה

אין די איצטיקע טעג, די גרויליקע, די שווערע
באַגייט די זון אַן עברה
מיט איר שיין אויפן דייטשישן רייך!
אוודאי זיינען אַלע לענדער גלייך,
אָבער דער דייטש
איז דאָך אַ בייטש,
דאָס פייער פון גיהנום
פאַר יענעם
וואָס וואַגט אַזוי צו טראַכטן.

— אַלע אַנדערע זיינען פאַרנאַכטן,
און בלויז דער דייטשישער שוויין
איז פרימאָרגנדיקע שיין!
אוי, אַ קלאָג צו וואַטאַגעץ,
וואָס קאָן בלויז מיט קאַנאָנען
און ביקסן און טאַנקען
אַרויף צווינגען געדאַנקען.

און מיר?
מיר פאַלן ביי דער אייגענער טיר
אונטער די בייטשן
פון מערדערישע דייטשן
אַנידער.
אָבער אַפילו אונדזערע געפייניקטע גלידער
שיינען, ווי לויטערע שטראַלן,
אַ שטערן געפאַלן, געפאַלן
לאָזט איבער נאָך זיך די שיין
אין די דורות אַריין!

וואָס וועלן ברענגען אונדזערע איצטיקע יסורים?
אונדזערע קינדער וועלן פייערן אַ נייעם נס־פורים

אויף די קברים פון אונדזערע באַצווינגער.
איך הער דאָס קול פון נייע יידישע זינגער,
און אַזוי זוניק צעבליט
איז זייער ליד.
אונדזער טורעם
וועט איבערלעבן דעם געווירבלדיקן שטורעם,
און מיט העלערן ליכט זיך צעבייטשן.
די קינדער פון די איצטיקע דייטשן
וועלן פאַרשטעלן די אויגן מיט די הענט
פון בושה פאַר אונדזער זוניקן בלענד!

זיי וועלן וויינען אויף די זינד פון טאַטעס און זיידעס,
און מיט שטריק אויף זייערע העלדזער וועלן זיי אויף עקדות
ברענגען אין פייער זיך אַליין,
ווייל אייביק וועט זיי נאָכגיין דאָס געוויין
פון דעם איצטיקן, אומזיסטיקן פאַרגאָסענעם בלוט.
די איצטיקע בלוטיקע דייטשישע רוט
וועט דורך דורות און דורות שוין בייטשן
די קינדער פון די איצטיקע דייטשן
אויף זייערע וועגן, די שווערע,
און זיי אַליין וועלן זאָגן, אַז די זון איז באַגאַנגען אַן עברה
מיטן אויסטיילן דעם חלק פון איר ליכטיקער שיין
אויף זייערע זיידעס, וואָס האָבן געבוירן אַזוי פיל מענטשלעכע פּיין.

# ו ו אָ ר ט

וואָרט,
ביסט איצט אַ קאָרט,
אַ פאַרשפּילטע!

אַזוי פיל ליכטיקע ווערטער פאַרהילטע
מיט שטויב,
און גיי, גלויב,
אַז דו וועסט מיט דיינע געזאַנגען
ערגעצוואו הערצער דערלאַנגען.

וואָרט,
נישטאָ קיין אָרט
איצט אין מיר
פאַר דיר,
איז וואָס זשע גראַבלסטו זיך, ווי אַ הונט ביי אַ טיר?

אָ, וואָלסטו געקאָנט זיך פאַרוואַנדלען אין אַ גליאיקער שפּיז
אין דער האַנט פון אַ ריז, —
מעג ער זיין אַ ליימענער גולם,
וואָס ווייסט נישט דעם חילוק פון אַ פּתח ביז אַ חולם,
וואָלט יעדער שרץ
געהאַט פאַר דיר דרך־ארץ.

אָבער אַזוי ווי דו ביסט?
אומזיסט, אוי אומזיסט
איז דיין מי.

די זון וועט נאָך אויפגיין אין גילדענעם גלי?
אַ דאַנק פאַר דער טרייסט, —
מען ווייסט שוין, מען ווייסט! ז

עס האָט דער נביא געזאָגט, און גערעדט,
אָבער אָנשטאָט אַ טרייסטנדיק קול,
דאַרף מיין פאָלק איצט אַ בעט
אין אַ שפּיטאָל, —
עס איז קראַנק
פון אייביקן גאַנג,
עס בענקט נאָך אַ דאַך און נאָך רו.

אָ, דו,
שליח פון האַרץ און פון מוח, —
עס איז איצט נישט פאַר דיין כוח
צו טראָגן די משא
פון מיין פאַרפייניקטער ראַסע,
איז וואָס זשע רייסטו זיך אַלץ פון מיין בלוט?

ווילסט זיך פאַרוואַנדלען אין אַ רוט
אויף צו שלאָגן צוריק?
זיינען אָבער מיט שטריק
אונדזערע הענט איצט געבונדענע.
מיר ליגן, ווי רינדער צעשונדענע
אונטער פאַרבלוטיקטן מעסער,
און וואָס גרעסער
עס איז אונדזער געשריי,
אַלץ מערדערישער זיינען זיי.

וואָרט,
נישטאָ קיין אָרט
אין מיר פאַר דיינעטוועגן איצט.
צעדונערט און צעבליצט
איז איבער אונדז דער גאַנצער אוניווערז.
און דיר ווילט זיך דורך אַ פערז
אויסשרייען די געפאַר,
דעם צער,
פון די געליטענע,
די פאַרשניטענע?

עס איז איצט נישט קיין צייט פאַר קיין ווערטער־אימאָזשן, —
מיר דאַרפן באַנדאַזשן
פאַר אונדזערע וואונדן.
אַ קרעציקע האַנט האָט אָנגעצונדן
די וועלט מיט האַס,
ברענט אונדזער גאַס,
בלוטיקט אונדזער לייב אונטער דער בייטש
אין דער האַנט פון דעם נאַצישן דייטש.

וואָרט מיינס, שטום איין
אין דיין אייגענער פיין,
און לאָז צעפּירן די פאַרמאַטערטע הענט,
וואָס זוכן שפּאַרונעס אויף ווענט
זיך דורכצורייסן,
זיך דורכצובייסן
אַהער, אָדער אַהין, —
וואוהין?

# אַ נישט דערשריבן בריוול

איך האָב הײַנט זיך געקליבן
צו שרײַבן דיר אַ בריוול.
אָנגעהויבן, און נישט דערשריבן.
איצט קוקן מיט אַזאַ פּאַראיבל
די ווערטער פונעם ווײַסן בײַגעלע פּאַפּיר
אויף מיר.

זײ זײַנען אויפגעגאַנגען מיט אַזאַ שפּע,
אָבער אין מיטן דעם בריוול
האָט, ווי אַ פלוצלינגדיקע מגפה
דער שטורעם אַ זעץ געטאָן מיט זײַנע שטיוול
אויף מײַן טיר.

הער, הער, ווי עס ווײנען אין מיר
די ווערטער צעווירענע.
די שעה׳ען מײַנע בלאָנדזשען אום פאַרלוירענע,
און זײ קאָנען נישט ווײנען אָפילו.
אויך פאַר קײן בלחשדיקע תּפילה
האָבן נישט קײן כּוח איצט מײַנע ווערטער.
וואָרים אַ תּפילה צו וואָס?
צו דער ערד, דער פאַרצערטער?
סײדן צום צעטראָטענעם גראָז
אין דײַן געוועזענעם גאָרטן!

איצט רויען זיך דאָרטן
די רשעותדיקע האָרדעס
מיט זײערע צעכרוקעטע מאָרדעס!
נישטאָ מער דאָס אָרט,
וואו דו האָסט געלעבט און געהאָפט און געוואָרט
און איך מיט מײַן וואָרט

בין אָפּגענאַרט, —
נישטאָ צו וועמען איצט דאָס צו שיקן.
איך האַלט נאָך אַלץ צעעפנט די בליקן,
נאָר נישטאָ איז אויף וועמען צו קוקן.

אָ לעבן מיינס, — סאַראַ יאָך אויפן רוקן
דער נישט אויסגעלאָשענער גלויבן,
ווען אַזאַ חושך קוקט אַרונטער פון אויבן!

# מיט מידת־הדין

צעברויזטע נקמה אין אונדז, נישט לעש זיך אויס, — מיר דאַרפן דיך האָבן, —
עס האָבן די זיגן אונדזערע דעם שונא איגגאַנצן נישט באַגראָבן!
כל־זמן עס זשיפּעט נאָך זיין האַלדז, און עס באַוועגט זיך זיין טראַט,
ביסטו, נקמה אונדזערע, דער איינציקסטער און מעכטיקסטער געבאָט!

פאַר די דערנידערונגען פון אונדזער חשיבות, פאַר די מאַסן־קברים,
ברען־אויף, נקמה אונדזערע, צעפלאַקער, מאַך שטאַליק אונדזער אָרעם
אין גרויסן קאַמף, דעם איצטיקן, פאַר אונדזער לעבן, אונדזער זיין, —
נקמה אונדזערע, ברויז, ברויז, דו ביסט איצט אונדזער קידוש־וויין!

דו ביסט דורך נעכט דער עמוד־האש, און דורך די טעג דער עמוד־הענן!
פיר, פיר זשע אונדז ווייטער אין דער שלאַכט, און הער נישט אויף צו דערמאָנען
אין דעם, וואָס טאָר פאַרגעסן דאָך נישט ווערן — אונדזער פּיין, אונדזער צער,
און זאָל דער שונא אונדזערער באַצאָלן כפל־כפלים דערפאַר!

ווי גוט, וואָס אונדזער שנאה, וואָס איז איצט אַזוי ברויזנדיק צעפלאַקערט,
האָט מיט נקמה ברענענדיקער אַלע אונדזערע פעלדער צעאַקערט, —
זעט, זעט, ווי עס וואַקסן אונדזערע אָנגעשאַרפטע מעסערס פון דער ערד,
און מיט דעם דורשט נאָכן שונא׳ס האַלדז זיינען זיי גענערט.

נישט מער מיט געבויגענע רוקנס קעגן אים, נאָר מיט ביטערן צאָרן!
הערט, הערט, ווי פֿולער און קרעפֿטיקער אונדזער טראָט איז געוואָרן, —
ער עכאָט מיט העלדן־מוט און מיט קידוש־השם אָפּ אומעטום, אומעטום,
און אין קול פֿון דער ביקס און קאַנאָן איז דאָס קול־יעקב נישט שטום!

עס האַלט שוין נישט מער דאָס קול פֿון דער רשעות אונדזער גוף אין אַרענדע, —
מיר זײַנען איצט טענער צעהעלטע אין דער נײַער העלדן־לעגענדע!
אין יעדן צעזוניקטן ליכט אויף דער ערד איז דאָ אונדזער שטראַל, —
פֿון רזשעוו ביז ראָסטאָוו, דורך טוניס און ביזערטאַ, ביז גוואַדאַקאַנאַל!

קאַווקאַזישע בערג זאָגן עדות, קובאַנישע סטעפּעס ביז דעם אײַזיקן צפֿון, —
מיר לעבן נישט מער אין דעם זכות בלויז פֿון פֿאַרבאָרגענע לאַמעד־וואָוון!
יעדער איינער פֿון אונדז איז געלײַטערט, געהייליקט און מיט גרייטקייט באַזעלט
אויף עקדה זיך פֿירן פֿאַר פֿעלקער, פֿאַר לענדער, פֿאַר פֿרײַערער וועלט!

פֿון אַלע טיפֿן און הויכן, מיר, די געפֿייניקטע פֿעלקער צוזאַמען, צוזאַמען!
עס וועט אונדז דער פֿינצטערסטער כּוח מער דעם וועג נישט פֿאַרצאַמען.
וואו שלאַכט איז צעפֿלאַקערט קעגן חושך איז אויך דאָרט אונדזער פֿלאַם.
ער ברענט איצט אויף בערג און אין טאָלן, אין דער לופֿט, אויפֿן ים!

ער גליט און גייט אויף, ווי אַ שפּיז, איבער אַלץ, וואָס איז וויסט, וואָס איז טמא.
אין אים אונדזער אויפֿגעוואַכט האַרץ, אונדזער פֿויסט מיט נקמה.
גלי, גלי זיך פֿאַנאַנדער נאָך שטאַרקער, אונדזער פֿלאַם אויף דער ערד, —
צו לאַנג האָסטו הינטער אויוונס מיט הכנעה און שרעק זיך גענערט!

צו לאַנג האָסטו מוותּר געווען אין זיך די אייגענע מענטשלעכע, ייִדישע חשיבות,
פֿאַרגעסן די גרויסקייט פֿון אונדזערע שמעון בן גיורא׳ס, בר־כּוכבא׳ס און
רבי עקיבא׳ס!
ווי גוט, וואָס עס שלאָגט ענדלעך מאַקאַבייִאישער כּוח פֿון אונדזערע איצטיקע שיך,
ווי גוט, וואָס מיר טראָגן אין די איצטיקע שעה׳ן זייער חשיבות אין זיך!

עס קלינגט די וועלט מיט אונדזער יעקב קרייזערן, מיט אונדזער מאיר לעווינען —
מיט אָט די נעמען שײַנט העלער די זון, אונדזערע לאַנקעס גרינער צעגרינען!

עס גייט אונדזער האָפענונג איצט אויף מיט גאָר אַ נייעם מין בלענד —
זי רייסט זיך אויך דורך צו אונדזערע געפּייניקטע דורך די געטאָ־ווענט!

זי ברייננגט צו זיי טרייסט, אַז נישט אַלצדינג איז נאָך פאַרלוירן געגאַנגען.
זי זאָגט זיי אָן, אַז אונדזער פאַנגער וועט באַלד אַליין זיין געפאַנגען,
און אָפּצאָלן שווער וועט ער פאַר דער רשעות מיט זיין בייטשיקער רוט,
און אויפגעמאָנט וועט ווערן כפל־כפלים אונדזער אומשולדיק בלוט!

זעט, זעט, ווי די שטערן אין הימל ציטערן, פינקלען, שיינען און גאַפן.
עס ציען אויף ימען זיך אויך אונדזערע שיפן, זיי גרייכן דעם האַפן,
און לאָדן אויס דאָרט אונדזער אייניקייט, אונדזער האָפענונג און מוט,
און קרעפטיקער, רויטער ווערט אומעטום אונדזער אָפּגעשוואַכט בלוט.

און אייגן איז איצט אויך די לופט איבעם רוים, — זי איז נישט מער קיין לערע, —
עס רעדט איצט דורך איר אַ בין־ציכטלער פון וואַלדהיים צו אַ חלוץ פון גדרה!
אויף אומרואיקע וואַסערן פון מיטללענדישן ים ציט איצט זיך אַ שיף,
באַלאָדן מיט ליבשאַפט צום סאָוועטישן ברעג פון יידן אין ירושלים און תל־אָביב.

די בלוטיקע בייטש פונעם שונא האָט אויפגעוועקט אונדזער ליבשאַפט, ווי כשוף.
זעט, זעט, אומעטום, אומעטום, וואו עס לעבט נאָר אַ יידישער ישוב,
ציט האַרץ זיך צו האַרץ איצט, און עס ציען זיך ברידערלעכע הענט
דורך לופט און דורך ים פון קויבישעוו קיין נויאָרק, פון מאָנטרעאָל קיין טאַשקענט.

עס שלאָגט מיט אייניקייט איצט, ווי אין אַ גוף אַ געזונטן, צווישן די גלידער,
עס רופן אין אַלאַרם זיך איבער איצט די דערווייטערטע שוועסטער און ברידער.
און ווער עס שטערט, ווערט צעשטויבט און צעטראָטן אונטער דער ראָד,
און אָפּגעווישט, ווי די בלאָטע פון וועג ביי דער שוועל פון דעם טראָט.

די הייסע טרערן אויף פאַרפּייניקטע? יאָ, יאָ, אָבער נישט בלויז מיט קיין טרערן!
עס גיסט אונדזער בלוט זיך אומעטום איצט, ווי וואַסער דורך רערן,
און נישט מיט קיין טרערן, נאָר מיט פייער און פלאַם אין אונדזערע הענט
אַנטקעגן דעם שונא, ביז פאַלן צום גרונט וועט די לעצטע פון די געטאָ־ווענט.

און אַז עס וועט קומען דער טאָג און מיר וועלן אויפגייך פון אונדזערע יאָכן,
און בלוטיקע בייטש וועט ליגן פאַר אונדזערע אויגן צעבראָכן, —
וועט שונא געבראַכט ווערן אויף די קברים פון אונדזערע טעכטער און זין,
און משפטן וועלן מיר אים נישט מיט קיין רחמים, נאָר מיט מידת־הדין!

און משפטן וועלן מיר אים מיט דעם זעלבן בלוטיקן און פלאַמיקן צאָרן,
וואָס ברענט אין אונדזער בלוט אַנטקעגן אים אין דער שלאַכט,
און אויסוואָרצלען וועלן מיר אים, ווי אַ גיפטיקן, שטעכיקן דאָרן,
וואָס האָט אָן אַ פאַרוואָס און אָן אַ פאַרוועך אַזוי פיל געוויקסן אומגעבראַכט.

# אוי, מאַמע!

די ווילדע רציחה מיט ווינטן צעוויטע, —
עס בלאָזט אַזאַ פאַרצענדיק פייער.
זעט, זעט, — מיין מאַמע מיט הענט אויסגעשפרייטע
שטייט אַלץ ביים צעבראָכענעם טויער פון שייער
אַנטקעגן דעם פלאַמיקן פייער.

איך קאָן אַזוי גוט דאָך מיין מאַמען, —
זי וועט נישט איבערלאָזן איר שייער
צו די פאַרצענדיקע פלאַמען!
אַ ליידיקער איז ער שוין היי־יאָר,
און דאָך איז ער ליב איר און טייער!

די ברעטער פון אייגענע קלעצער געשניטן,
די שטרוי אויפן דאַך פון אייגענע זאַנגען
בו איז אין איר האַרצן צעגליטן
די מורא איינגאַנצן צעגאַנגען,
און זי איז פון שייער געפאַנגען.

— אוי מאַמע, לאָז איבער! לאָז איבער!
דערגייט איצט מיין רוף צו דיר, מאַמע?
עס וועט קומען אַ צייט און מיר וועלן בציבור
אויסבויען שייערן נייע, גראַמע, —
אוי, הערסטו, ווי איך רוף צו דיר, מאַמע?

עס רופט דיך דיין זון, דיין בן־יחיד,
וואָס איז אַזוי ליב דיר און טייער!
רציחה האָט די האַריקע לאַפּעס צעפּאַכעט, —
זי פליסט מיט פאַרצערנדיק פייער!
— אוי מאַמע, לאָז איבער דעם שייער!

עס שרייט פון דער ווייטנס אַריבער
מיין האַרץ דאָס צעציטערטס: — סכנה! סכנה!
זע, זע, — עס גייט די גרויל אויף פון גריבער,
און בלייך ווערט די זון, און געל די לבנה, —
אוי מאַמע, אוי מאַמע, דו ביסט אין סכנה!

ווער ווייסט, צי דערהערט זיינען איצט מיינע ווערטער?
ווער ווייסט, צי זי האָט דעם רוף דאָרט פאַרנומען?
איך רוף צו דיר איצט דאָך פון אַלערליי ערטער,
איך וואַרט, אַז די בשורה זאָל קומען,
איך מורמל כסדר: — אוי, אָמן ואָמן!

# סטאַלינגראַד

## א.

נישט בלויז אַ נאָמען פון אַ שטאָט, וואָס ליגט ביים וואָלגאַ־טייך,
נאָר ביישפּיל ביסטו, וואָס געשיכטע האָט אַזאַ נאָך נאָך נישט געהאַט, —
דו וועסט אויף אייביק אויף אייביק שוין פאַרבלייבן די העלע קעניגרייך
פון גרויסער, מענטשלעכער גבורה אויף דער ערד אַ סטאַלינגראַד!

סאַלוט צו אָט דער העלסטער בלאַט, וואָס דיין געראַנגל מישט איצט אויף
אין קאַמף מיט די באַדריקער,—אין קאַמף פון טאָג אַנטקעגן חושך פון דער נאַכט,—
עס שטייט דער מענטש אויף גאָרער ערד פאַרגאַפט, — ער קוקט צו דיר אַרויף,
און אַנגעפילט מיט היילקייט איז ער צום ביישפּיל, וואָס דו האָסט אים געבראַכט.

דו ביסט די שיין אויף דאָרן אין דער מדבר פאַר וועלכן יעדער דור
וועט איינבויגן דעם קאָפּ און אין עקסטאַז אַ פאַל טאָן אויף די קני, —
נישט מער קיין צויבער־מעשהלע, נאָר די בלענדנדיקע העלע וואָר,
וואָס גייט איצט אויף פון דיינע גאַסן, ווי אַ פרימאָרגענדיקער גלי!

די וואָר אויף אונדזער ערד ביים וואָלגאַ־טייך אין סטאַלינגראַד,
וואו מענטש באַווייזט אונדז, וואָס עס הייסט אויף אמתן אַ מענטש, —
אָט זיץ איך און איך לייען די נייע אויפגעמישטע, וואונדערלעכע בלאַט,
און מיינע אויגן צאַפּלען זיך פון שטאָלץ, — איך לייען און איך בענטש!

געבענטשט איז דער, וואָס גייט אין נאָמען פונעם לעבן העלדיש קעגן טויט, —
אַ סאַראַ חשיבות ער גיט דעם לעבן מיט אַזאַ מין גאַנג דאָך צו!
אַזאַ מין מענטש איז דאָך אויף אונדזער ערד דאָס זאַלץ, דאָס ברויט, —
אַזאַ מין מענטש איז דאָך די בענקשאַפט אונדזערע נאָך לויטערקייט און רו.

נאָך יענער רו, ווען טויט וועט מער קיין קרבן פאַרן לעבן שוין נישט זיין,
נאָר אונטערצי, — סך־הכל פון אַ טואונג, וואָס מען האָט געטאָן אָט דאַ, —
נאָך יענער רו, דער לויטערער, וואָס איז, ווי בלענדנדיקער שיין,
וואָס לאָזט זיך נישט פאַרלעשן, נאָר בייט דעם בלענד מיט יעדער שעה.

### ב.

סאַלוט דער העלער וואַר, וואָס גייט איצט אויף דאָ פאַר מיין אויגנבליק!
איך שיק די אויגן מיינע זוכנדיקע צו אַלע דורות אויף צוריק,
נאָר וועלכער דור האָט דען ביי זיך אַזאַ מין לויטערקייט געהאַט?
זע, זע, די אויגן מיינע קערן אום זיך צו דיר, אַ סטאַלינגראַד!

סאַלוט! נאָר וואָס איז ער, וואָס קומט בלויז דורך דער פען!
אַוודאי וואָלט איך איצט מיט אייך צוזאַמען בעסער דאָרט געווען!
נאָר בין איך דען מיט אייך צוזאַמען אין דעם גרויסן קאַמף נישטאָ?
איך בין! איך בין! מיר אַלע, אַלע זיינען דאָרט איצט דאָ!
זעט, זעט, מיר לעבן נישט איינגאַנצן בלויז מיט אייער גאָב, —
מיר גיבן אויך די שענצטע קינדער אונדזערע אין שלאַכט איצט אָפּ,
און ברכות אונדזערע זיינען איינגעפּאַקט אין זייער שווער געפּעק,
אַז נישט פאַרשעמען זאָלן זיי דעם מוט פון סטאַלינגראַד אין וועג, —
צי וועט דאָס זיין אין פעלד, צי אין דער לופט, אָדער אויפן ים,
ווייל סטאַלינגראַד איז אויך ביי „מידוועי", „נייע גווינע" און ביי „גוואַם!"

### ג.

די קראַנקסטע וואונד איז דער פאַראַט, —
אַזוינער איז די צעפוילטסטע בלאַט
אויף צווייג פון בוים,
וואָס סם'ט אין רוים
די מילדסטע ווינטעלעך אפילו, —
עס קומט מיר איצט אין זין די פאַרעטערישע דלילה!

פאַר וואַר, —
דלילה האָט אָפּגעשוירן ביי שמשונען די האָר,
כדי צו מינערן די גבורה אין זיינע הענט,
נאָר אַז ער האָט געדאַרפט, האָט ער די ווענט
פון טעמפּל אַ וואָרף געטאָן מיט זיי!
איצט פאַלט אַ בלענדנדיקער שניי
אויף אונדזער סטאַלינגראַד, —
די ציכטיק ווייסע בלאַט

ווערט אָנגעפילט מיט אותיות פון בלוט.
עס ברעכט זיך היטלערס רוט,
פאַרגליווערט ווערט זײַן פאַרעטערישע האַנט פון קעלט,
און איבער איר גײט אויף צעהעלט
דער אָנזאָג פון אַ נײַער וועלט.

ד.

און אַז קומען וועט די וועלט, די נײַע,
און אַז די נײַע וועלט וועט זײַן
ווען דעמאָלט אויך די מענטשן פרײַע
זיך וואַרעמען בײַ דײַן צעהעלטן שײַן.
דו ווערסט די שענצטע מעשה זײַן
אין אָוונטן בײַ שוועלן
און אַלע וועלן הערן וועלן
נאָך און נאָך און גאַרנישט ווערן זאַט
צו הערן וועגן סטאַלינגראַד.

# צוועלף יינגלעך

צוועלף יינגלעך, ווי שטראַלן
צעגליטע און לויטער, —
זיי זיינען געפאַלן
פאַר פאָן פאַר דער רויטער.

אַליין אָפּגעגעבן
אויף קידוש השם זיך, —
אַ חושך פון לעבן
פאַרשעם זיך! פאַרשעם זיך!

צוועלף יינגלעך, ווי שטראַלן
פון ליכטיקע זונען, —
די נאַכט איז געפאַלן,
דער חושך צערונען!

נישטאָ מער די הונען,
פאַרמעקט און פאַרשוואונדן, —
צוועלף יינגלעך, ווי זונען
צעהעלט און צעצונדן!

צעהעלטע און ווייסע,
ווי ליכט פון מנורות, —
אַ ליכטיקע מעשה
עד סוף כל הדורות!

# פאַר אייער הייליקייט און לויטערקייט

קדושים אונדזערע, פון דער וואַרשעווער געטאָ,
איר וועט בלייבן אין געדעכעניש צעהעלטע און צערעדטע.
איר וועט פאַר אַלע אונדזערע קומענדיקע דורות
דאָס ליכט זיין פון אונדזער איצטיקן חושך, — די מנורות
צעלויכטענע צו וועלכע מען וועט אויפגיין און קוקן, —
פאַר וועלכע מען וועט אויסטאָן די שיך און זיך בוקן.

בר־כוכבאָס אויף די גאַליעווקעס און דזשיקע־גאַס,
און מאַקאַבייער איבער די רוקנס פון צעגליטן האַס
אויף נאַוואַליפּיע, שווענקאַ־יורסקאַ און פשעיאַזד, —
וואָס איז געבליבן נאָך פון אונטער שווערסטער לאַסט
האָט זיך אויפגעהויבן. עס קוקט די זון און שטוינט,
ווי עס ווערט דאָס פאָלק אונדזערס באַקרוינט.

עס האָט די גבורה פון שמשונען איצט ווידער אויפגעלעבט.
דער העלער גייסט פון עקיבאָן האָט אויפגעשוועבט, —
און טרינקט אויף וואַרשאַווער גאַסן יעדן יידן אָן.
זעט, זעט, — עס פלאַטערט אַזאַ שטאָלצע אונדזער פאָן,
און כאָטש עס פאַרשטעלט זי דער רויך אין דער לופט,
זעט מען זי דאָך, און מען הערט, ווי זי רופט.

זי רופט אין שלאַכט אריין פאַר לעבן און פאַר חשיבות.
דער קבר אונדזערער, ווי שוואַרץ איז און ווי טיף איז,
איז ער דאָך ליכטיקער פון פנים אויפן נאַצי־דייטש.
און גרינגער איז ער, ווי די שטענדיק שלאָגנדיקע בייטש.
אויב אונדזער גורל איז פאַר זיך אַליין אַ קבר גראָבן,
איז לאָמיר אויך די שונאים אין אים האָבן!

אַ יידן פון היגטער די וואַרשאַווער געטאָ־ווענט!
פאַרפייניקטע, פאַרמאַטערטע און מיט הוילע הענט,
זענט איר אין שלאַכט איצט אַנטקעגן די באַצווינגער!

עס וועט ערשט דאַרפן געבוירן ווערן דער זינגער,
וואָס זאָל זיך קאָנען פאַרמעסטן מיט זיין געזאַנג
צו אייער הייליקן און גרויסן אונטערגאַנג!

עס וויינט אַזוי דאָס האַרץ אויף אייער הייליק בלוט,
און זינגט דערביי אויך שטאָלץ צו אייער גרויסן מוט,
וואָס פון אזוינעם האָט מען קיינמאָל נישט געהערט!
דאָס חלה־מעסערל אַנטקעגן שאַרף פון שווערד,
און זע, — עס ליגן טויזנט נאַצי־דייטשן טויט!
און זע, — עס וואַלגערט זיך די סוואַסטיקע אין קויט!

עס פלעמלט אינעם חושך, — עס ליכטיקט זיך, — עס שיינט,—
אַזוי פיל דורות וועלן קומען דאָך צו אונדזער היינט,
און שעפּן וועלן זיי פון אים אַזוי פיל ליכט.
נאָך נישט געוועזן קיין וואָלקן דאָך אַזוי געדיכט, —
אַ דונער, אָט אַזאַ, אַ בליץ אַזוי צעבליצט,
און אויך אַ טרייסט אַזאַ ביי אונדז, ווי איצט!

קדושים אונדזערע, — מיר שטייען אויף די קני
געפּלעפּטע פון דעם הערלעכסטן און שענצטן גלי,
וואָס אייער בלוט פאַרגאָסנס שטראַלט אַרויס פון זיך.
מיר בייגן איין די קעפּ און טוען אויס די שיך
פאַר אייער הייליקייט, וואָס אַזאַ איז נישט געווען,
פאַר אייער לויטערקייט, וואָס אַזאַ האָט מען נישט געזען!

# לאָמיר זי האָבן די ווערט!

איציק פעפער׳ן

און אַז די ליכטיקע בשורה וועט סוף כל סוף ווערן דערהערט, —
לאָמיר זי אַלע דאָ האָבן די ווערט!

אונדזערע איצטיקע שעה׳ען, די צעבלוטיקטע
אין אונדזער פאַרגאָסענעם בלוט
ציען זיך ווייטער און ווייטער געמוטיקטע,
און מעג, ווי שווער זיין די רוט
אויף אונדזערע גלידער,
בויגן מיר זיך נישט אין דער נידער
אונטער דעם קנאַלן!

מיר הערן דאָס צעווילדעטע שאַלן
פון דעם שונאס צערעוועטן טרומייטער,
אַז זיין שטח ווערט ברייטער, און ברייטער,
און אַז אַט, אַט,
און נישט זיין וועט קיין ערד מער פאַר אונדזער טראַט,
און דאָך ציטערט נישט דאָס געווער אין אונדזער אָרעם, —
וואָס ברייטער זיין שטח, אַלץ מערער די קברים
איבער אים פון די נאַצישע קנעכט.

שווערע זיינען אונדזערע נעכט,
און שווערע אונדזערע טעג,
אָבער מיר גייען אויף יעדן שווערן וועג
זיי עקשנותדיקע אַנטקעגן
דורך שניי און דורך רעגן.
הערט, הערט, — עס יערט אין אונדזער איצטיקן גאַנג
אַ ניי און ליכטיק געזאַנג
פאַר די קומענדיקע דורות!
זעט, זעט, ווי אונדזערע טריט צינדן מנורות

פאַר דער קומענדיקער וועלט,
און אַזוי לויטער צעהעלט
גייען זיי אויף איבער אונדזער פאַרגאָסענעם בלוט.

עס וועט קומען אַ טאָג און די נאַצישע רוט
וועט הענגען אין אַ מוזעאום לזכרון
פון אונדזערע איצטיקע יאָרן,
און פון אונדזער עקשנותדיקער גבורה.
ערגעצוואו רייסן זיך שוין די ווערטער פאַר דער בשורה,
וואָס וועט סוף כל סוף אַ קלינג טאָן איבער דער ערד, —
לאָמיר זי האָבן די ווערט!
מיר וועלן זיי האָבן די ווערט!

# מיר וועלן געדענקען „פוירל־האַרבאַר!"

דער יאַפּאַנישער מיקאַדאָ, — דער שמייליקער פּריסט,
וואָס האָט אַזוי פיל קינדער פון זיין לאַנד פאַרוואַנדלט אין מיסט
איבער די מייליקע פעלדער פון דער פרידלעכער כינע,
האָט שוין געוואָרפן זיינע בליקן אויך אויף אונדזער מדינה,
און שותפות געשלאָסן מיטן בלוטיקן נאַצי־פאַרדאַרבער, —
מיר וועלן אייביק געדענקען „פוירל־האַרבאַר!"

מיט צביעקישע טריט איז ער אַרונטער פון ניפּאַנישן טראָן,
און מיט אַ פרומענקער מינע דאָס פריסטלעכע קלייד אַנגעטאָן,
כדי צו בייגן זיין קאָפּ פאַר די שאָטנס פון זיינע זיידעס.
אָבער הימל און ערד געוועז זיינען דעמאָלט די עדות,
אַז געבויגן האָט ער זיך פאַר היטלערן, — דעם בלוטיקן פאַרבער, —
מיר וועלן אייביק געדענקען „פוירל־האַרבאַר!"

אַ, ניפּאָן פאַררעטערישער, — האָסט אויפגעהויבן דיין ברודיקע האַנט
אויף די קינדער פון אונדזער באַליבטן און לויטערן לאַנד,
און דאָס וועט דיר קיינמאָל, קיינמאָל פאַרשוויגן נישט ווערן.
מיר שווערן ביי אונדזער פאָן מיט די שטרייפן און שטערן
דיך צעציען, ווי עס ציט די פעל פון דעם פגר, דער גאַרבער, —
מיר וועלן אייביק געדענקען „פוירל־האַרבאַר!"

עס איז דיר געלונגען, ווי דעם גנב אין דער טונקעלער נאַכט,
אָבער הער, ווי צעברויזט און צעקאָכט און צעשאָלט און צעוואַכט
עס יאָגט אונדזער פאָלק מיט פאַראייניקטן כוח דיר אַנטקעגן, —
אין דער לופט, אויפן ים, איבער בערג, אויף די וועגן
אונדזערע מוטיקע זין אַנטקעגן דיינע וויסטע פאַרדאַרבער, —
מיר וועלן אייביק געדענקען „פוירל־האַרבאַר!"

אין איראָפּעאישן גלאַנציקן צילינדער, הענטשקעס און ראָק
איז געקומען צופליען קאַרוסו, — דער יאַפּאַנישער דעמאַגאָג
מיט אַ שליחות פון זיין צביעקישן, שמייליקן מיקאַדאָ, —
געוואָרקעט האָט ער, ווי אַ טויב פאַר אונדז זיין שלום־טיראַדע
בשעת אונטער די טויבן־פעדערן איז געווען גאָר אַ שפּאַרבער, —
מיר וועלן אייביק געדענקען „פּוירל־האַרבאָר!״

געגאָסן פון מויל אַזעלכע האַניקדיקע, זיסענקע רייד,
כאָטש געוואוסט האָט ער גוט, אַז הינטער אים איז שוין גרייט
דאָס מעסער פאַר דעם האַלדז פון אונדזער אַמעריקע.
אַזוי פּלוצלינג און אין אַזאַ אומגעריכטער היסטעריקע
האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אויף אונדז דער פאַרדאַרבער, —
מיר וועלן אייביק געדענקען „פּוירל־האַרבאָר!״

אָ, ניפּאָן פאַררעטערישער, — הער, ווי עס ברויזט דאָ די שעה!
זע, זע, ווי קיין צעטיילונג איז ביי אונדז איצט נישטאָ,
און ווי מיר אַלע, אַלע שליסן זיך אַנטקעגן דיר אין די רייען, —
מעגסט שוין אָנהייבן פון דיינע קימאָנעס תכריכים זיך נייען, —
עס גייט אויף דיר אַ טאָג פון חשבון, — אַ טאָג אַ שווערער, האַרבער, —
מיר וועלן אייביק געדענקען „פּוירל־האַרבאָר!״

באַצאָלט וועסטו ווערן פאַר דיין ווילדער גנבה און גזלה,
דיין שמייליקער מיקאַדאָ וועט סוף כל סוף ווערן נבלה
פאַר קראָקעדיקע ראָבן צו פּיקן אויף די חורבות פון כינע, —
און אַז עס וועט קומען דער טאָג, ווען דו אַליין וועסט דיין שנאה
פאַרווישן, פאַרמעקן, צוזאַמען מיט דיינע ווילדע פאַרדאַרבער, —
וועסטו אַליין אויך געדענקען, דערמאָנען „פּוירל־האַרבאָר!״

# פּרעזידענט רוזוועלטס רעדע

אין פּרעזידענט רוזוועלטס רעדע צום קאָנגרעס האָב איך דערהערט
דעם אויפגעוואַכטן צאָרן פון דעם גאַנצן פאָלק אין אונדזער לאַנד,
אַמעריקע האָט הילכיק אַנגעזאָגט די אונטערדריקטע אויף דער ערד,
אַז אויסגעשטרעקט איז איצט צו זיי אונדזער ברודערלעכע האַנט.

אַז ווי צו אייך שוין היטלער, מוסאָליני און מיקאַדאָ פון יאַפּאַן!
עס גייט שוין נאָך אַ פאָלק אַנטקעגן אייך און אייער וויסטער מאַכט, —
אַ פאָלק אַ יונגס, אַ מוטיקס, וואָס וועט מיט שנעלקייט פון אַ באַן
אַ וואָרף טאָן טאַנקען, עראָפּלאַנען און שיפן אין דער שלאַכט.

און אָפּצאָלן וועט מען אייך פאַרן שלעכטץ, וואָס איר האָט דאָ פאַרזייט, —
אַ שאָד נאָר, וואָס די קרבנות אייערע וועלן שוין נישט זיין דערביי,
ווען די נקמה פון דעם גואל־הדם וועט זיך טאָן אויף אייך אַ שפּרייט,
און אונדזער ערד וועט אויף די קברים אייערע צעאָטעמען זיך פריי.

עס ברעכן זיך די פוילע ציין שוין פון דער וויסטער שווערער ראָד,
וואָס איר האָט אויפן לעבן אונדזערן אַזוי שווער אַ לאָז געטאָן, —
גערעדט האָט אונדזער פּרעזידענט, און מוטיקער איז אונדזער טראָט,
וואָס האָט נישט איין טיראַן אַ וואָרף געטאָן שוין פון זיין טראָן.

געדענקט האָט רוזוועלט, און אָפּגעענטפערט האָט מיט הייסן שטאָל
דער גרויסער שמעלצאויוון אין אונדזער זשוואָוועדיקער האַנט, —
הערט, הערט, ווי אַלע קולות האָבן זיך צונויפגעגאָסן אין איין קול, —
דאָס מוטיק קול דורך מויל פון אונדזער גאַנצן, גרויסן לאַנד.

אין נאָמען פון דער ליבשאַפט איז אונדזער האַס צעברויזט,
אין נאָמען פון דער ליבשאַפט שאַרפן מיר איצט דאָס געווער, —
די האַנט, וואָס האָט ערשט נעכטן דאָ געבויט, איז איצט אַ פויסט,
און פאַלן וועט זי, ווי אַ האַמער־קלאַפּ אויף קאָפּ פון שונא שווער.

זי פאַלט שוין איצט דורך די ברידער אונדזערע אויף אַן אַנדער אָרט!
אַ, סאַראַ פרייד צו הערן אונדזער פּרעזידענט דערציילן אונדז פון דעם!
עס טראָגט די ראַדיאָ צום גאַנצן לאַנד זיין אויפגעשטורעמט וואָרט, —
אַ האַרץ מיינס, — איך טראַכט פון שמעונ׳ען און לוי׳ן דאָך אין שכם!

צוויי הונדערט טויזנט נאַציס אויסגעפּרוירענע אַרום מורמאַנסק, —
דעם שונאַ׳ס וועראַמדיקער חלום געוואָרן איז פאַר אים אַ וויסטע וואָר,
די נאַצי־קברים אַרום לענינגראַד ציען זיך דורך מאָסקווע ביז בריאַנסק,
און נאָך ווייטער, — אוקראַינע, קרים צו מאַנילאַ און אויך סינגאַפּאָר!

געדענקט האָט רוזוועלט און אויפגעשוימט האָט האָפענונג און טרייסט
פאַר יעדן, יעדן אונטער נאַצי־קנאַפל און מוסאָליניס בייטש, —
אויב עראָפּלאַנען, טאַנקען, שיפן זיינען די דערלייזונג, איז ווייסט,
אַז זיי צעוואַקסן זיך ביי אונדז אומצייליק אַנטקעגן נאַצי־דייטש!

באַלד, באַלד, און צאָלן וועט פאַר אירע זינד אויך שווער יאַפּאַן,
ווי צאָלן וועט איטאַליע, דייטשלאַנד און די איבעריקע אין דעם וויסטן קאַן,—
נאָך נישט פאַרלוירן איז מאַנילאַ, גוואַם און נישט פאַרלוירן איז לוזאַן
פאַר אונדזער שיינער פרייער שטערנדיקער, שטרייפנדיקער פאַן!

מעקאַרטור, וואַוועל, טימאָשענקאָ, זשוקאָוו און טשאַנגקאַישעק,
און הינטער זיי די פעלקער אויפגעברויזטע קעגן שונא פון דער וועלט, —
עס שלאָגט די לופט מיט כּעס, ווי אין וואַלד די שאַרפן פון די העק,
אויף צווייגן צוגעפוילטע, וואָס האָבן אין געפאַר דעם וואַלד געשטעלט.

דער האָס אין אונדז, — אַ הערט נאָר, הערט נאָר, ווי ער ברויזט!
ווי צאָרנדיק ער ברעכט פון שונא׳ס וויסטן מויל די פוילע ציין!
אָט זעט, ווי יעדנס האַנט איז איצט אַ שווערע פויסט,
ווי יעדנס טראָט ביי אונדז איז גרייט אין שלאַכט אַריין צו גיין!

די שלאַכט, — זי איז איצט אין סאַמע פלאַקערדיקסטן ברען,
די גאַנצע לופט איז אָנגעפילט מיט שווערן ברויז פון דינאַמיט, —
עס האָט די זון ביז איצט אַזאַ פאַרמעסטן זיך נאָך נישט געזען,
עס איז די ערד נאָך קיינמאָל, קיינמאָל, נישט געווען אַזוי צעגליט.

די זון, — אָט לעשט זי זיך, און אָט צעשיינט זי זיך שוין אויף צוריק,
נאָר מיר דאָ, — נישטאָ קיין צייט ביי אונדז צו שפּילן זיך מיט איר, —
פון ברעג צו ברעג, — דאָס גאַנצע לאַנד איז איצט געווער־פאַבריק, —
דער צאָרן אונדזערער צעברויזט ביי יעדן שוועל, ביי יעדן טיר!

דער צאָרן אונדזערער, — דער זעלבער, וואָס צעברענט, צעבריט
דעם שונא׳ס וויסטע טריט אויף גאַס און געסל פון ראָסטאָוו!
ער וועט נישט אויפהערן צו ברענען, בריען דעם שונא׳ס טריט
ביי מידוועי און דער נייער־גווינע ביזן סאַמע, סאַמע סוף!

דער סוף אין טאָקיאָ, אין רוים, אין בוקאַרעשט און אין בערלין!
עס שלאָגט פון מאָסקווע, לאָנדאָן און פון אונדזער וואַשינגטאָן.
נישט מער קיין רחמים פאַר די, וואָס האָבן נישט פאַר דעם קיין זין, —
אַ שונאים פון דער וועלט, פאַרשפּילט איז אייער וויסטער קאָן!

עס ברעכן זיך די פוילע ציין שוין פון דער וויסטער, שווערער ראָד,
און ברעכן וועלן מיר צוזאַמען זיי עקשנותדיק נאָך מער און מער!
זעט, זעט, ווי יעדע רגע פון דער שעה ביי אונדז איז איצט געבאָט
צו שאַרפן קעגן שונא אונדזערן אַלץ שאַרפער דאָס געווער!

גערעדט האָט רוזוועלט, — געזאָגט האָט ער דאָס שטאַרקע וואָרט,
וואָס איז נישט וואָרט בלויז, נאָר טוענג איצט אויף אונדזער ערד, —

**צעטראָגן האָט די לופט די טוענג אונדזערע אויף יעדן אָרט,**
**און אַלע אונטער שונא׳ס קנאַפל האָבן טרייסט דערהערט!**

דערהערט, און אויך דערזען משיחן אויף עראָפּלאַן און טאַנק,
און אויך אויף קריגס־שיף איבער וואַסערן פון יעדן ים
אָ, פרענקלין דעלאַנאָ רוזוועלט, — עס שיקן פעלקער דיר אַ דאַנק
דורך שווערע געטאָ־ווענט, דורך פייער, רויך און פלאַם!

# עס רופט צו אונדז דאָס האַרץ פון דער וועלט!

א.

— שטרעקט אויס אַ האַנט!
— שטרעקט אויס אַ האַנט!
רופט צו אונדז דאָס האַרץ פון דער וועלט.
ציטערן פון היץ און פון קעלט
צום רוף פון אונדזערע שוועסטער און ברידער
אַלע אונדזערע גלידער,
און מיר שרייען מיט זיי
דאָס גרויסע געשריי:
— שטרעקט אויס אַ האַנט!
— שטרעקט אויס אַ האַנט! —
ווײַל אין קאַן איז געשטעלט
דאָס האַרץ פון דער וועלט!

ווער קאָן דען זיצן אין זײַן ווינקל פאַרשטעקט,
ווען די זון ווערט פאַרפלעקט!
ווען דאָס ליכט ווערט געשענדט!
דער שונא איז הינטער די ווענט,
דער שונא איז הינטערן טויער!
אַ שאָד די צייט איצט פאַר טרויער,
דו, און ער, און איך צו דעם פראָנט!
עס רופט האָריזאָנט צו האָריזאָנט:
— שטרעקט אויס אַ האַנט!
— שטרעקט אויס אַ האַנט!

ב.

נישט נאָר די ערד אין סכנה,
נאָר אויך די זון, די לבנה,

דער הימל, די שטערן,
אַלע אונדזערע באַגערן
נאָך לעבן און ליכט!
דער חושך איז אַזוי געדיכט
אויף אונדזער וועג!
עס זעגט די זעג
יעדן זאַפטיקן שטאַם,
און עס שפּריצט מיט סם
איבער געוויקסן אויף דער ערד!
אַט האָט ער אויך פאַרצערט
מיט זיין מערדערלעכן גאַנג
דאָס שטילע געזאַנג
פון מיין בליענדיקער אַקאַצי,
וואָס איז צעבראָכן געוואָרן!

אַ קרעציקער נאַצי!
וועסט נישט פאַרמיידן דעם צאָרן
פון אונדזער אויפגעברויזט בלוט!
מיר וועלן אָנווענדן די זעלבע געבאָט
אַנקעגן דיין טרפהנער רוט,
אַנטקעגן דיין בלוטיקן טראָט,
וואָס דו נעמסט פון דיין פירער, דעם וויסטן, —
מיר וועלן דיך אויסמישן אין די מיסטן,
און דעמאָלט וועט די לופט זיך פיומיגירן,
כדי דיין פגורה זאָל זי נישט באַרירן!

ג.

הער, הער, אונדזער בלוט איז ברויזיק און פליסיק! —
מיר פאַרוואַנדלען די לופט אין זשאַריקן פריסיק,
וואָס סמט אָפּ און פאַרצערט דיין אינגעווייד!
ערשט ווען דער טאָג וועט זיך צעיובלען מיט פרייד
איבער אַלע, אַלע דיינע וויסטע קברים,
וועט אונדזער געשטאַלטער, פאַראייניקטער אָרעם
אויפהענגען דעם הימל צוריק אויף זיין אָרט,

און אַ ליכטיקע וועט שײַנען די זון איבער יעדן געצעלט!
נישטאָ נאָך די צײַט פֿאַר יענעם פֿאַרביקן וואָרט,
צו דערציילן וועגן דעם וואונדערלעכן העלד,
וואָס אונדזער געראַנגל פֿאַרמירט פֿון זיך אויס!
דער געראַנגל איז שווער און איז גרויס,
אָבער, ווי בריענדיקע, ליכטיקע שטראַלן
בלענדן די סיגנאַלן
פֿון אונדזערע שוועסטער און ברידער
איבער אונדזערע גלידער!
הערט, הערט, וואָס זיי האָבן אין סעוואַסטאָפּאָל געטאָן,
און וואָס זיי טוען איצט בײַ דער וואָלגאַ, בײַם דאָן!

— שטרעקט אויס אַ האַנט!
— שטרעקט אויס אַ האַנט!
איז צעשריגן דאָס האַרץ פֿון דער וועלט,
און עס עכאָט אָפּ יעדעס פֿאַרוואָרפֿן געצעלט.
אויך מיר אונטער דער פֿאָן פֿון די שטרייפֿן און שטערן,
הערן אײַך! הערן אײַך! הערן!

# פ אַ ר א ו י ס !

פאַראויס!
פאַראויס!
די צעטראָטענע רויז
האַלב שוין פאַרדאַרט
האָפט און וואַרט, —
זי וועט אויפנעמען אייערע טריט,
ווי עס נעמט אויף אַ ליד
דאָס קינד פאַרן שלאָפן!

עס וואַרטן און האָפן
די לעצטע זאַנגען אויף די פעלדער,
די לעצטעביימער אין די וועלדער,
די שוועלן ביי די אָפגעברענטע שטיבער
די צעעפנטע קברים־גריבער
וואָס קוקן אויס, ווי געשוואָלענע מיילער
פונעם בלוט, וואָס די נאַצישע קיילער
פליוכען אין זיי אָן אָן אויפהער מיט וויסטן געלעכטער.
עס וואַרטן אויף אייך די געבונדע וועכטער,
אַז איר זאָלט אויפבינדן זייערע הענט.

פאַראויס!
דורך צערויכערטע ווענט,
דורך שנאהדיק געברויז
מיט אייערע טאַנקען און קאַנאָנען!
גיכער, גיכער, צעוויעט אייערע טרייסטנדיקע פאָנען, —
עס וואַרט יעדע פאַררויכערטע וואַנט
אינעם פאַרפייניקטן לאַנד,
וואו דער טאָג איז איצט שוואַרץ,
ווי די טונקלסטע נאַכט,
וואו דאָס פאַרפייניקטע האַרץ
איז איצט בלויז צעוואַכט
צו אייערע אָנקומענדיקע טריט.

היינט פרי האָט אַ זינגענדיק ליד
אַ וואָרף געטאָן פון זיך אַ שורה
דורך דער לופט.
איז זי געווען אַ ליכטיקע בשורה.
נאָך איצט, אַז זי זינגט און רופט,
און זאָגט אָן,
אַז איר גייט און קומט אָן!

פאָראויס!
פאָראויס!
מיט מוטיקן געברויז
אין אייער הייליקן גאַנג!
עס גייט דאָך אויף אַזאַ וואונדערלעך געזאַנג
פון אייערן אַ טאַנק, —
אייער יעדער קאַנאָן
זאָגט דאָך אָן
אַ האָפענונג, אַ נייע!

אָ, איר בראַווע און פרייע
פון די ברייטע, זוניקע שטרעקעס
איבער אונדזערע שטאָטן!
ווי ליימענע גולמס וועלן צעפאַלן די נאַצישע יעקעס
פון אייערע הענט,
ווי זיי ווערן צעפאַלן אין די פויסטן פון די סאָוועטישע יאָטן.
הערט, הערט, סאַראַ קנאה עס ברענט
אין מיר צו אייערע זוילן,
וואָס וועלן זיך באַלד צעשפּאַנען איבער פּוילן,
און צו אייערע הענט,
וואָס וועלן פאַנאַנדער וואָרפן די געטאָ־ווענט,
און טויערן פאַרמאַכטע
פון נאַצישע שומרים באַוואַכטע
וועלן זיך טאָן אַ צעעפן!

שפּעטער, אַז מען וועט זיך טרעפן
מיט אונדזערע שוועסטער און ברידער

ווען אונדזערע צעבראָכענע גלידער
דאָך גאַנץ ווערן ווידער.
אַלע פאַרשעמטע, פאַרמאַטערטע
וועלן אויפגיין, ווי פאַנען צעפלאַטערטע.

פאַראויס!
יענע שעה וועט זיין אַזוי ליכטיק און גרויס, —
מיר בעטן דאָך אַלע אויף איר קומען,
און בעטנדיק זאָגן מיר: אָמן!

# זינג, זינג!

זינג, זינג דאָס ליכטיקע געזאַנג
צו דעם עקשנותדיקן גאַנג
פֿון אונדזערע קינדער.
בלויז אַ בלינדער
זעט נישט דעם לויטערן בלענד,
וואָס זייערע הענט
וואַרפֿן איצט פֿאַנאַנדער.
עס איז די רשעות אין וואַנדער,
עס איז די רשעות און שרעק,
ווייל אונדזערע קינדער זיינען אין וועג
צו באַצאָלן אַ חוב.
זינג, זינג און גיי אויף
מיט טרייסטנדיקע לידער
איבער אונדזערע רואינען.
זאָג אָן, אַז זיי וועלן ווידער
זיך צעגרינען!

זינג, זינג דאָס לויטערע געזאַנג
צו דעם עקשנותדיקן גאַנג
פֿון אונדזערע קינדער.
זעט, זעט, ווי געשווינדט און געשווינדער
עס איילן זיך זייערע טריט.

די ערד אונטער זיי איז צעגליט.
דער הימל איבער זיי איז אין פייער,
אָבער אַ מענטש אַזאַ נייער
גייט אויף פון אונדזערע האָריזאָנטן.
זינג, זינג צו אונדזערע זין
אויף אונדזערע געהייליקטע פראָנטן,
וואָס מעסטן דעם וועג קיין בערלין
דורך יבשה און לופט און דורך ים
מיט פלאַם
און בלוט.

אַ נאַצישע רוט,
דו ברעכסט זיך! דו ברעכסט זיך!
אַ נאַצישער קוילער,
דו רעכסט זיך! דו רעכסט זיך!
דו ביסט שוין אַ נאַקעטער, הוילער
אויף פאַר די אייגענע בליקן.
אַפילו פאַר די ראַצן פון אונטער דיינע אייגענע בריקן
איז דיין פגר שוין טמא.
עס האָט נאָך קיינמאָל נישט פריער קיין נקמה
געשטעלט אין איר קאָן מיט זיך אַלץ
ווי אונדזערע קינדער אין געיעג נאָך דיין האַלדז!

זינג, זינג אויף מיין האַרץ
מיט לידער דערמוטיקטע,
און איז פאַר די אויגן דיר שוואַרץ
פון די פעלדער פאַרבלוטיקטע,
באַרג אויס פאַר זיך ליכט ביי דעם שפּעטער, —
אַ באַשטראָפטער וועט ווערן דער פאַררעטער,
און דער גערעכטער וועט אַרבן, —
ער וועט בינדן די גאַרבן!

אַז עס שרייבט אַ זינדל צו טאַטע־מאַמע אַ בריוול
פונעם פראָנט ביי טוניס און ביזערטע
איז נישטאָ קיין פאַראיבל

אין די ווערטער דערהערטע
אויפן געיעג
איבער וועג
פול מיט בלוט, —
יעדעס וואָרט איז אַ רוט
איבער נאַצישן רוקן אין פאַל.
יעדעס וואָרט איז אַ קנאַל
פון אַ ביקס פון אַ טאַנק, —
יעדעס וואָרט איז געזאַנג!

אַ שאָד, נאָר אַ שאָד,
וואָס בלויז מיט מיין ליד
בין איך איצט אין טראָט
מיט זייערע טריט
אויפן וועג קיין בערלין
צו דעם טאָג, דעם געגאַרטן, — צום יום־הדין!

# מיר אַלע אין געראַנגל!

מיר אַלע, אַלע אין געראַנגל
אין אָט דער שווערער שעה, —
עס איז דאָך איצט קיין מאַנגל
אין אונדזער מוט נישטאָ.

עס יאָגט קאָזאַק זיך אויפן פערדל,
עס טרייבט אַ ייד אַ שווערן טאַנק, —
צעקאַשמעטביים קאַלמיק דאָס בערדל,
אַבי זיין שווערד איז שאַרף און לאַנג.

גרויס־רוס, קליין־רוס און קובאַנער,
און מיט זיי טאַדזשיק, גרוזין, —
עס גייען אויך אַמעריקאַנער
מיט זיי איצט אויף בערלין!

מען וועט צום משפט ברענגען
די רוצחים אויפן מאַרק, —
אַ היטלער־קאָפּ וועט הענגען
אויף יעדן הויכן באַרג.

די ראָבן אויף צו פּיקן,
צו וויגן זיך אין ווינט, —
די אויגן צו דערקוויקן
ביים דערוואַקסענעם און קינד.

נקמה וועט פאַנאַנדערבינדן
די פאַרשמאַכטע הענט, —
ווי פגרים וועלן מיר זיי שינדן
אויף גאַסן און ביי ווענט.

# אַ עלזאַ, מיר וועלן זיך נאָך באַגעגענען!

אַ ווייסער, ברייטער סקווער,
אויף דיביימער זיינען ווייסע.
גוטע מענטשן, קומט אַהער,
איך האָב פֿאַר אייך אַ מעשה.

און אפשר איז דאָס גאָר
קיין מעשה נישט, —
די שווערע וואָר
האָט אָפּגעווישט
די גאַנצע שיינקייט פון דער מעשה,
ווייל אונדזער ציג,
די ווייסע
אונטער קינדעלעס וויג,
וואָס האָט זיך געמאָלקן און געמאָלקן
איז פאַרשוואונדן אונטער אַ וואָלקן,
און איצט מעלקט זי זיך אַליין
אין איר ביטער געוויין
מיט נאַסע שנייעלעך אַזוינע.

כאַרקאָוו איז נאָך אַלץ ביים שונא,
און מיין שטעטל טריסק
איז אוודאי שוין צעקייט פון זיין פיסק.
און וואו איז בריסק?
און נאָך און נאָך?
אוי, ווי שווער עס איז דער יאָך,
און קיין בערלין איז אַלץ נאָך אַזוי וויט!

אָבער מיר זיינען אין שטרייט
ביי ביזערטע און אָריאַל!
עס שלאָגט מיט גליעקן שטאָל
אין די הענט פון אונדזערע זין!
נאָך וווייט איז בערלין?
אָבער נישט מיד,
נישט מיד,
נישט מיד
זיינען אונדזערע טריט,
און מיר טרעטן אַלץ ווייטער!

פינצטער די נאַכט, אָבערביים אָנגעצונדענעם שייטער
ערגעצוואו ביי אַ וואַלד
טויכט אויף צעשטראַלט
אַ דערמאָנונג אין זכרון
פון גאָר אַנדערע יאָרן.

בערלין.
קורפירשטנדאַם־סקווער.
דער דרויסן איז גאָלדיק און גרין,
נאָר די דיכטערין עלזאַ שטרענגט אָן איר געהער
צו הערן מיינע לידער אויף יידיש,
ווייל דאָס ראָמאַנישע קאַפע איז רוישיק יאַרידיש.
זי שמייכלט און גלעט אירע שניי־ווייסע האָר, —
איז דאָס אַ חלום געווען?
צי האָב איך זי אויף דער וואָר
טאַקע דעמאָלט געזען?
געווען איז דאָס אין ניין און צוואַנציקסטן יאָר
אין אַ פרילינגדיקן נאָכמיטיק.
אַלצדינג אַרום מיר געווען אַזוי צוויטיק,
און צעצוויטיקט געווען איז דאָך אויך מיין געמיט.
עס בעט מיך לייענען אַ ליד נאָך אַ ליד
אויף דער שפּראַכע פון איר פאָלק, דאָס צעזייטע,
די דיכטערין עלזאַ לאַסקער שילער,
און איך לעבן איר אַזאַ פאַרגאַפטער און שטילער,

דערפיל זיך, ווי א טויב מיט פליגל צעשפרייטע
אונטער איר בליק מיט דעם באַזילבערטן לאַרנעט.

— אַ יידישער פּאָעט
אויס די שטאָטן פאַראייניקטע,
האָט זי מיך שפּעטער פאַרגעשטעלט פאַר אַן עלטערן הער.
אַ, שעה׳ען געלייטערטע און גערייניקטע
אויף דעם קורפירשטנדאַם־סקוועד! —
זיינען זיי טאַקע אַמאָל דען געווען?
— לאָזן זי ביטע, זיך נאָך איין מאָל זען, —
האָט זי געבעטן ביים געזעגענען.

אַ, עלזאַ, מיר וועלן זיך נאָך באַגעגענען!
באַלד, באַלד און מיר זעען זיך ווידער!
איך וועל לייענען פאַר דיר לידער
פון פאַרגאַנגענעם קריג,
און פון דעם זיג
איבערן דייטש
מיט דער בייטש,
און דער שווערד.
און דעמאָלט וועט אונדזער ערד
דיין נאַכאַמאָל צוויטיק,
ווי אין יענעם נאַכמיטיק,
ווען איך בין געזעסן לעבן דיר,
און געפילט דיין דיכטערישן באַריר.

# ווען רבי עקיבא האָט געגידערט קיין רוים

ש. סעקולער׳ן

ווען רבי עקיבא האָט געגידערט קיין רוים צום קעניג דאָמאַציאַן,
כדי ביי אים אויסצובעטלען פאַר זיין פאָלק אַ נדבה,
און ער האָט דערזען וויפל פרייד עס איז פאַראַן,
און וויפל הרחבה
אין אָט דער שטאָט,
זיינען אויפגעשטאַנען פאַר אים די חורבות פון זיין אייגן לאַנד,
און עס האָט זיך צעציטערט זיין טראָט.
ער האָט אַ הייב געטאָן זיין ציטערדיקע האַנט,
און מיט איר זיינע שיינע אויגן פאַרדעקט.
ער האָט געוואָלט עפּעס זאָגן, נאָר נישט געקלעקט
האָט דאָס וואָרט אין זיין מויל.
אַ ווייל איז ער געשטאַנען אויף זיין אָרט,
און דורך טיפער גרויל,
האָט ער מיט די אויגן געקוקט,
און מיט די אַקסלען געצוקט.

אָבער, ווען די, וואָס זיינען מיט אים מיטגעגאַנגען,
זיינען אין אַ שלוקערצדיק געוויין זיך פאַרגאַנגען,
האָט זיך רבי עקיבא געשטאַרקט און געזאָגט
צו זיי אַזוי צו זאָגן:
— נישט וויינט, און נישט קלאָגט,
ווייל פון וויינען און קלאָגן,
וועלן מיר אונדזער צעבראָכענע בריק
נישט אויפבויען צוריק!

רוים האָט געיובלט מיטן זאַקרויב פון אירע צוריקגעקערטע קריגער,
די לופט איז געווען פול מיט צעווייעטע פאָנען פון זיגער,
און פונעם גרויסן טיטוס־טויער
האָבן אין שטילן, צאַפּלדיקן טרויער
די צייכנס דערציילט
פון דער ייִדישער וואונד, וואָס איז נישט פאַרהיילט,
ווייל אין איר איז נאָך אַלץ געשטאָכן די רוימישע שפּיז.

רבי עקיבא האָט דערפילט אַ ווייטיק, ווי פון אַ שלאַנגענביס,
אָבער ער האָט דעם ווייטיק נישט באַוויזן.
מיט אַ טאָן, אַ דורכגעטראַכטן, און אַ קילן,
האָט ער אָנגעהויבן רעדן וועגן ריזן,
וואָס גייען צו זייערע צילן
פאַרביסן און עקשנותדיק,
און זיי ברענגען דעם זיג
אויף די אַקסלען פון זייער געלייטערטן גלויבן.

פּלוצלונג האָבן אין דער לופט זיך צעפליגלט צוויי טויבן
אַזעלכע ציכטיקע און ווייסע,
און רב עקיבא האָט אָנגעהויבן דערציילן אַ מעשה
פון דער זון, וואָס רייסט זיך שטענדיק פונעם וואָלקן אַרויס,
און פון אַ דערשלאָגענעם, וואָס גלייכט דעם רוקן אויס
סוף כל סוף,
און פון אַ שאָף,
וואָס וואַרעמט זיך אין איר אייגענער וואָל.

עס ציט זיך רבי עקיבאס קול,
און אָטאָ די מעשה נאָך איצט
אויף יעדן שייד־וועג שטייט אַ קריצער און קריצט
זי איבער ווידער, און ווידער
אין צעליכטיקטע לידער.

נישט טויט איז רבי עקיבא,
און מיר, זיינע אייניקלעך, זיצן נישט קיין שבעה
אויף דעם, וואָס מיר האָבן פאַרלוירן.

דאָס לעבן איז טייג, וואָס ווערט אָן אויפהער געיוירן, —
קנייטן מיר דאָס טייג אין די מולטערס
שולטערס צו שולטערס
ביז עס וועט ווערן פאַרטיק צום באַקן,
און דעמאָלט וועלן מיר דאָס מלחמה־כלי־זיין צעהאַקן,
כדי דער אויוון פאַרן ברויט זאָל זיך העלער צעברענען,
און ביים אָפּגעבאַקטן ברויט וועט מענטש מיט מענטש זיך בעסער דערקענען.

# איך קריך צוריק אויף אַלע מײַנע פיר

אַזוי פּלוצלונג איז דאָס געשען, ווען איך האָב אָנגערירט די טיר צו יענער זײַט,
וואו עס וואוינט די רו, און זי אַליין ווייסט גאָרנישט, ווי רואיק זי איז.
די גאָלדענע פּאַווע, וואָס איך בין געוואוינט געווען צו זען פליען פאַרשײַט,
איז געשטאַנען אויפן שוועל ביי יענער טיר אַ דערפרוירענע אויף אירע פיס.

— פּאַווע, פּאַווע, גאָלדענע, דו מײַן, — וואָס זשע איז אַזוינס מיט דיר געשען?
געשוויגן האָט די פּאַווע מיט אַזאַ טיפער שוויגעניש, וואָס האָט צו מיר געזאָגט
פיל מער, ווי רייד, וואָס איך האָב ווען געהערט. מיט איין מאָל האָב איך זיך דערזען
אין אַן אויסטערלישער וועלט, וואָס נישט זי מאָנט און נישט זי קלאָגט.

גלייכגילט? ניין, נישט דאָס, נישט דאָס! נאָר עפּעס, עפּעס אַנדערש גאָר,
וואָס לאָזט זיך נישט באַצייכענען מיט וואָרט, מיט פאַרב, מיט קלאַנג און טאָן.
— פּאַווע, פּאַווע, דערפרוירענע, דו מײַן, — עפּעס איז מיר דאָ נישט קלאָר,
און נישט קלאָר איז מיר מײַן אויסלאָז און אויך אָט דאָס, וואָס הייבט זיך אָן.

נישט קיין רשע, נישט קיין צדיק, קיין העכערס, קיין קלענערס, קיין דאָרן, קיין בלום.
אַ ליכט, וואָס ליכטיקט נישט, אַ פינצטערניש, וואָס פינצטערט נישט, דער הימל און די ערד
צונויפגעגאָסן אין איין אָטעמלאָזן איינס, נישט קיין גלייך און נישט קיין קרום,
און איך ביי דער טיר פון אָט דער נייער וועלט בין געשטאַנען און זיך צוגעהערט.

אַפּנים געוואָלט אויפכאַפּן די טריט פון אַלגאָ שלום עליכם, שמולעוויטש און גליצנשטיין,
ווייל געהערט האָב איך, ווי דורך אַ טראַנס, אַז זיי האָבן זיך געלאָזט אַהער.
איז דאָס געווען אין מיר די געוואוינשאַפט נישט צו גיין מיט זיך אַליין?
און אפשר איז די טיר צו עפענען געווען פאַר מײַנע שוואַכע פינגער שווער?

ווי גוט, וואָס ווען איך בין אַזוי געשטאַנען ביי דער טיר פון יענער זייט,
איז פלוצלונג אויפגעגאַנגען הינטער מיר אַזאַ אויפגעציטערט קרעפטיק קול,
אַז אַפילו איצט, שוין קריכנדיק אויף אַלע פיר צוריק, הער איך, ווי עס שרייט,
און רופט נאָך הענט און אַקסל צו העלפן טראָגן אויף דער ערד דעם שווערן עול.

דער עול, ווי שווער ער איז, איז ער דער סימן פון אונדזער לעבן, אונדזער זיין, —
מיר ווען אים דערטראָגן דורך אַלע רשעותן צו ליבשאַפט צווישן מענטש
און מענטש
ווי גוט עס איז דורך קעלט צו פילן איבער זיך אַ ביסל זון — דעם בלענד
פון שיין, —
איך פאַל־צו צו דער אויסגעווייקטער ערד מיט בלוט, איך קוש זי און איך בענטש.

איך וואונדער זיך, ווי אַזוי איך האָב פאַרגינען זיך געקאָנט צו עפענען די טיר
אַהין, וואו מען ווייסט נישט פון קיין עול און וואו אַלץ איז איינגעוויגט אין רו.
זעט, זעט — אָט קריך איך איצט צום לעבן אונדזערן צוריק אויף אַלע מיינע פיר
און נעם דעם שווערן עול אויף מיינע פלייצעס, ווי ער, און זי, און דו.

דו, מיין ליבע פרוי, מיט אויגן אויפגעציטערטע, ווי אין וואַלד ביי אַ גאַזעל,
און זי און ער — די קינדער פון מיין פאָלק און אַלע פעלקער אויף דער וועלט,
וואָס פאַלן אונטער בייטשן און שטייען אויף געלייטערטע צוריק אויף יעדן שוועל
די בייטשן צו צעברעכן, כדי מענטש זאָל קאָנען לעבן אין זיין וואַרעמען געצעלט.

זעט, זעט — איך קריך צו אונדזער לעבן אויף דער ערד צוריק אויף אַלע מיינע פיר,
איך נעם דעם עול אויף מיינע פלייצעס, דעם שווערן עול, וואָס איז ביי אונדז
נאָך דאָ.
געבענטשט זיי, האָפענונג אויף אונדזער ערד, — איך זע זי שוועבן איבער מיר,
און זעט, נאָר זעט, די פאַווע מיינע גאָלדענע פליט ווידער אין אַ גוטער שעה!

# אַ ליבער פרײַנט!

שלום שטערנב'ען

איך בין דאָך, דאַכט זיך, גאָרנישט מיד געווען, —
פאַרוואָס זשע אָט דאָס ווײכע בעט, דאָס ווײסע?
אַ, ליבער פרײַנט, קום נעענטער צו מיר, גענען,
איך האָב פאַר דיר אַ שײנע, אויסטערלישע מעשה.

די מעשה איז פון אונדזער לעבן אויף דער ערד,
וואָס איך האָב דאָ פאַרענדיקן נאָך נישט באַוויזן.
עס איז אַ מעשה, וואָס יערט אויף און געבערט
אין קאַרליקעס דערשלאָגענע די כחות פון די ריזן.

ווײל ריז איז יעדערער צווישן אונדז אָט דאָ,
כאָטש אַזוי פיל האָבן נישט דערפון קײן אָנונג.
זאָל אָט די מעשה זײַן פאַר זײ אין שווערער שעה
אַן אויפמונטערונג, אַ רוף און אַ דערמאָנונג.

און דו, מײַן ליבער פרײַנט, צו וועמען איך דערצײל,
נישט נעם זי אויף פון מיר ווי גלאַט אַזוי אַ מעשה,
און לעב מיט איר דערנאָך נישט, ווי אַ נזיר אין אַ הײל,
נאָר גײ דערצײל זי איבער פאַר שוואַרצע און פאַר ווײסע.

עס האָט אַ ייד געשלעפּט זיך אויף אַ ברײטן וועג
מיט שווער געפּעק אויף זײַנע שמאָלע פּלײצעס,
און פאַר זײַן טראָט איז אָטאָ דאָס געפּעק
געווען, ווי פאַר אַ פערד, די בײטש און לײצעס.

געקערעוועט האָט דאָס זיין טראָט אַהער, אַהין,
אַרומגעזוכט פאַר זיך אַן אָרט, און נישט געפונען.
נאָר אין דעם זוכעניש געווען איז דאָך אַ זין,
כאָטש אָפטמאָל האָט זיך אויך אַ האָפענונג צערונען.

צערונען, אָבער אומעטום נאָך זיך אַ רויטן פלעק געלאָזט,
ווייל יעדע האָפענונג געקומען איז פון בלוט זיין רויטן,
און יעדער פלעק געווען פאַר אים, ווי ווינט און פראָסט
דורך גרויסע לעכער אין אַ בנין נישט־דערבויטן.

עס איז אַ האָפענונג צערונענע דאָך אויך אַ זאַך,
וואָס לאָזט זיך אויף אַ מיטן וועג נישט איבער, —
ער האָט אין זיין געפעק געהאַט אַזוינס אַ סך,
און אים דאָס טראָגן איז געווען דערפאַר נאָך ליבער.

עס איז געווען ווי ער וואָלט אין זיין שוואַכן גאַנג
די קראַנקע קינדער זיינע געטראָגן אויפן אָרעם,
ווייל האָפענונג צערונענע איז מער דאָך נישט ווי קראַנק,
און קראַנקע לייגט מען נאָך נישט אין קיין קברים.

ווייל האָפענונג צערונענע מיינט נאָך נישט קיין טויט, —
די פלעקן־טראָפּנס קאָנען נאָך אַמאָל צונויף זיך גיסן,
און ווי אַ ניי פרימאָרגנדיגע זון צעפלאַמט אין רויט
אויפסניי מיט בלענדנדיקסטן פאַנאַנדערפליסן.

אַזוי האָט ער מיט האָפענונג און ליבשאַפט געטראָגן זיין פּאַרמעג,
און דאָ און דאָרט האָט ער אַ קאָרליק צו אַ ריז דערהויבן.
אָ, וויפיל מאָל איז ער דאָס אויף זיין שווערן וועג
געפאַלן צו דער ערד, און דאָך זיך אויפגעהויבן!

זיך אויפגעהויבן, און מיט זיינע ציטערדיקע פיס
צעשפּאַנט זיך מוטיקער און ווייטער, ווייטער.
נישט איינמאָל האָט געטראָפן, אַז וואו נישט איז
האָט זיך צעגליט פאַר אים אַ פייערדיקער שייטער.

און דעמאָלט האָט ער דאָך געמיינט, אַז ענדלעך איז ער שוין
דערגאַנגען צו דעם ליבן ציל, — דעם לאַנג־געגאַרטן.
נאָר וויפיל מאָל האָט דאָרט עמעצער פון דעם המון
אַ קלאַפּ געטאָן אויף אים מיט אַ שטעקן אַזאַ האַרטן.

נישט שטענדיק איז אַ שייטער בלויז צוליב דער שיין, —
מיר, יידן, האָבן דאָס נישט איינמאָל שוין דערפאַרן!
ער האָט אין זיין געפּעק געטראָגן אויך די פּיין
פון זיינע עלטער־זיידעס אין די שייטערדיקע זשאַרן!

אָ, וויפיל מאָל האָט זיך אַ שלאָג געטאָן צו זיין געהער
דאָס ווידער־קול פון יענעם ציטערדיקן שמע־ישראל!
און וויפיל מאָל איז דאָס געווען אויך זיין געווער, —
באַנוצט האָט ער דאָס אויף זיין שווערן וועג נישט איין מאָל!

נישט איינמאָל איז דאָך אויפגעגאַנגען פון דער וויט
אין אים דאָס ווידער־קול פון זיינע עלטער־זיידעס,
און אין דעם ווידער־קול האָט ער זיך דאָך באַנייט,
גענומען דאָס פאַר ביישפּיל, דערהערט אין דעם אַן עדות.

אַ ביישפּיל און אַן עדות, ווי אַזוי מען קאָן, מען דאַרף
אַנטקעגן גיין דעם טויט אין נאָמען פון דעם לעבן, —
אַ ביישפּיל און אַן עדות, ווי אַזוי מען האָט צום מעסער־שאַרף
דאָס בלענדנדיקע ליכט פון זיך נישט אָפּגעגעבן.

און דעמאָלט האָט זיך אויפן שווערן וועג זיין טראָט
צעשפּאַנט באַוועגלעכער, פון ווינט נאָך גרינגער, —
די ווייטקייט האָט געקוקט צו אים מיט גרויס גענאָד,
און יעדער שטיין האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ זינגער.

און אַזאַ האָפענונג איז אויפגעגאַנגען פון אָט אָ דעם געזאַנג,
אַ האָפענונג, וואָס וועט זיך מער שוין נישט צערינען.
אָ, ליבער פריינט, גיי, גיי, דו וועסט זי אין דיין גאַנג
אויף יעדן וועג און שטעג שוין איצט געפינען.

דאָס זיינען איצט די רייד פון מיר דאָ אויפן בעט,
דעם וויכן, וויסן, אַנגענעמען און באַקוועמען —
אַ, שמייכל נישט, אַז דאָס איז חלום בלויז פון אַ פּאָעט, —
מען טאָר קיין חלום פון פּאָעט דאָך נישט פאַרשעמען!

דער חלום פון פּאָעט איז אָנזאָג צו דער וואָר, —
מען דאַרף צו איר עקשנות'דיק נאָר שפּרייזן!
אני מאמין באמונה שלימה, אַז נאָך אַ יאָר,
און אַזאַ ליכטיקייט וועט זיך באַווייזן!

# דאָס נישט דערזינגענע ליד

דאָס נישט דערזינגענע ליד
האָט שווייגנדיק געקוקט אויף מיר, —
אַ שטערן אין הימל צעגליט
מיט אַ מאָדנעם קאָליר
אַזוי שטום, אַזוי שטאַר
און מיט אַזוי פיל צער.

ווי אַזוי זשע האָב איך געקאָנט
פאַרמאַכן הינטער דעם די טיר,
אַז דאָס ליד האָט געמאָנט
נאָך אַ סטראָפע ביי מיר
פונעם לעבן אויף דער ערד,
וואָס איך האָב שוין נישט געהערט.

נישט געהערט, נישט געזען, נישט געפילט,
ווייל האָנט פונעם טויט אויף מיין מויל.
געווען איז אַלצדינג פאַרשטילט,
אין מיין אויער האָט געמורמלט די גרויל, —
דער פראָסט דורך דער שויב, —
אַ ווייסע, צעטראָטענע טויב.

און איצט, אַז איך בין צוריק
ביים זינגענדיקן וואָרט אין געפאַנג, —
פאַרוואָס איז צעבערעקלט אויף שטיק
אויך מיין איצטיק געזאַנג?
עס איז דאָך קיינמאָל נישט שטום
צו דעם אַלצדינג אַרום!

און איצט, אַז איך בין ווידער דאָ,
בין איך נאָך אַלץ אין דער מיט, —
זעט אויס, אַז קיין סוף איז נישטאָ
סיִיום אין קיין זינגענדיק ליד, —
דאָס לעבן איז טיף און איז גרויס,
און דאָס ליד זינגט זיך נישט אויס!

און אפשר איז בעסער אַזוי!
איך שטיי אויף אַ שיף ביים פּאַרענטש,
וואָס ציט זיך דורך גרוי און דורך בלוי, —
זע, זע, עס מורמלט אַ מענטש
לעבן מיר אַ בלחשדיקן טאָן, —
דער וועג? — ער הויבט זיך ערשט אָן!

# ווי אַ ברכה פון דער ערד

האָסט אויגן, זע! האָסט אויערן, הער! און מיט דײַן האַרצן פיל!
נישט אייביק וועלן מיר זײַן אונטער דער ראָד פון דער מיל.
עס וועט קומען אַ צײַט, און מיר וועלן אויפגיין, ווי אַ ברכה פון דער ערד
נאָך אַ רעגן. דער שטורעם, וואָס צעשטערט, און פאַרצערט,
רייניקט אויך אָפּ, וואָשט איבער, שווענקט אויס און מאַכט קלאָר.
מיר האָבן צו לאַנג געחלומט און פאַרזען די וואָר,
וואָס האָט געשפּאַנט איבער אונדז מיט אירע בערישע טריט.
נאָך יעדן שטורעם ווערט די זון טאָפּלדיק העל און צעגליט,
און מיר, וואָס לײַדן פון איצטיקן שטורעם טאָפּלדיק שווער,
מוזן זוכן אַנדערע וואָפן קעגן אים, ווי אַ קרעכץ און אַ טרער.

פיר אָן פיר אָן, אָ, ליכטיקער גלויבן, אין מײַן געמיט!
און זאָל נישט פאַרשטומט ווערן אונדזער זינגענדיק ליד!
אַ שטורעם, אַ שווערער אויף אונדז, — דעם שטורעם באַנעם,
אַז שטורעמדיק זאָל ווערן אַלץ אַרום דעם
אין ווײַטקייט, אין הויכקייט ביז וואַנען עס וועט
זיך צעשפּליטערן אויף שפּליטערס, ווי אַ ראַקעט
פאַר אַלעמענס אויגן, — פאַר אים און פאַר דיר און פאַר מיר.
אַ שטוב האָט אַ שוועל, אַ פענצטער, אַ דאַך און אַ טיר,
און מיר, וואָס פאַרמאָגן בלויז אַ לייוונט געצעלט,
האָבן געלעבט מיטן קאָסמאָס און מיטן זין פון דער וועלט.

דער קאָסמאָס איז גרויס און איז אייביק, און אייביקייט איז
דער שווערער שטויב אויף אונדזערע וואונדיקע פיס,
וואָס גייען און גייען שוין דורות, און וועלן דערגיין.
דאָס וואַסער, וואָס משה האָט פאַר אונדז געצויגן פון שטיין,
האָט אונדז גלויבן געגעבן נאָך אין אַ גרעסערן נס,
אָבער ביז איצט זײַנען מיר נאָך אַלץ דאָס ערדענע געפעס,
אין וועלכן אַלע רוצחים וואַשן די בלוטיקע הענט.

מיר זיינען דורך דורות דער דורשט, וואָס ברענט
אין אַלע רוצחישע העלדזער און ווערט נישט געשטילט,
און איבער אונדז אַ שנאהדיקער פלאַם, וואָס ווערט נישט פאַרקילט.

דאָך לאָמיר נישט אָפּלאָזן דעם שטרוי אינעם כוואַליע־געיעג!
ער וועט אונדז סוף כל סוף דערטראָגן צו אַ ברעג,
וואָס וועט אונדז אויפנעמען מיט רחמים און ליבשאַפט אויף זיך.
די צייט טראָגט זיך איצט איבער אונדז, ווי אַ ווינט אין דער גיך,
און רייסט מיט זיך מיט אַלע אונדזערע דעכלעך פון סכך,
אָבער מיר, וואָס האָבן געלעבט אַזוי לאַנג אָן אַן אמתן דאָך,
און האָבן נישט איינמאָל געריטן שוין אויף אַ ווינטיקער צייט,
וועלן אין אונדזער גלויבן אויך איצט דערלעבן דעם איבערבייט
פון ביקס אויף אַ האַמער, פון באַיאָגעט אויף אַ סערפּ.
פון טאַנקען אויף טראַקטאָרס, פון וואָפנקעסטלעך אויף קערב.

פיר אָן, פיר אָן אין מיין מוח, אַ, ליכטיקער געדאַנק!
זיך צו האַלטן ביים זוים פונעם לעבן איז אַ געשאַנק,
וואָס מוז ווערן מיט העראָאישער ליבשאַפט אָפּגעהיט.
און מיר, וואָס זיינען שוין דורך דורות און דורות געניט
צו דערהאַלטן דאָס לעבן אויף שאַרף פון אַ שווערד,
וועלן נאָכאַמאָל אויפגיין, ווי אַ ברכה פון דער ערד,
וואָס קומט דורך אָרנטלעכער פּראַצע פון אייגענע הענט.
און לאָמיר זיך נישט שרעקן, וואָס עס צעפאַלט אַ פונדאַמענט, —
כאָטש צעפייניקט דאָס האַרץ אויף דעם וואָס איז געווען, —
מיר וועלן נאָך מיט אונדזערע אויגן אַ נייעם דערזען!

איצט איז שווער, אַ ווי שווער,, דער שטורעם איז שטאַרק,
אָבער פון זעמדל און זעמדל ווערט אַ מעכטיקער באַרג.
עס טרייבט זיי דער שטורעם פאַנאַנדער אַהער און אַהין,
אָבער זעמדעלעך ווייסן דעם וועג אויף צוריק שוין וואוהין.

אַ זעמדל ביסטו, אַ זעמדל בין איך, און מיר אַלע אין וועג
געיאָגט פונעם שטורעם דורך די נעכט און די טעג,
וואָס אונדזער אַנהאַלט איז נישט מער, ווי אַ שטרוי.
דער רעגן אין גאַס, דער ווינט אין אַ ווילדן געוואוי,
אָבער מיר לאָזן נישט אָפּ, מיר האַלטן זיך אין דעם ברויזיקן קאָך,
און שלעפּן ווײַטער די פיס אונטער שרעקלעכן יאָך.

פיר אָן, פיר אָן, אין מײַן מוח, אָ, ליכטיקער געדאַנק!
דאָס לעבן, וואָס אונדז איז געגעבן געוואָרן, איז אַ געשאַנק,
וואָס מיר וועלן דורכפירן דורך אַלע אומגליקן אויף דער ערד.
מיר וועלן נאָך זען און ווערן דערזען, הערן און ווערן דערהערט!
מיר וועלן נאָך אויפגיין, ווי אַ ברכה, פאַר יעדן געהער און בליק!
איצט זינגען מיר די צעבראָכענע ברעטלעך אויף דער בריק
איבער וועלכע די צייט טרײַבט זיך מיט ברויזיקן האַס,
אָבער ערגעץ פּיקט זיך אַ פויגל, וואָס וועט זינגען אויף אונדזער גאַס!
פיר אָן, פיר אָן, אָ, ליכטיקער גלויבן אין מײַן געמיט,
און זאָל נישט פאַרשטומט ווערן אונדזער זינגענדיק ליד!

# ניגון

לעבן מיינס, געדאַרפט וואָלט איך מיט דיר זיך קריגן,
געדאַרפט וואָלט איך אַרומגיין אַן אָנגעבלאָזענער אויף דיר.
ביסטו דאָך אָבער דער זינגענדיקער, שטילער ניגון,
וואָס הערט נישט אויף צו ברומען ניגונדיק אין מיר,
איז, ווי זשע קאָן איך זיך צעברוגזן אויף דיר?
און אַ ניגון קאָן דאָך קיין ברוגזן נישט פירן,
און ברוגזט ער זיך ווען, איז דאָס בלויז קאַטאָוועס, —
אַט דאַכט זיך דיר, — אַ טאָן וויל צווייטן איבערפירן,
נאָר באַלד, ווי בייגעשטאַנען פון זכות־אָבות,
קומען זיי צונויף זיך ווידער, ווי גוטע זיידעס־באָבעס.

זיי זאָגן ליבלעך זיך: — גוט־יום־טוב און גוט־שבת,
די בליקן זיך צעשמייכלען, די בליקן זיך צעגלאַנצן,
און קאַרטענע כאַלאַטלעך, און אויסגעדרייטע שקראַבעס
קאַלירן זיך, ווי צעקאַלירטע בלומענקראַנצן,
און אַלטע פיס ציען זיך אַוועק צום טאַנצן.
און דעמאָלט טריט מיט טריט און הענט מיט הענט, —
מעגן זיי שוין זיין ציטעריקע און מידע.
כל־זמן עס צאַנקט, מיינט דאָך נישט, אַז אויסגעברענט, —
עס קאָן נאָך טרעפן, אַז נאָכן אָפּזאָגן וידוי,
זאָל אויפקום זיך צערייטן אויפן רוקן פון ירידה!

נישט איין מאָל געפּרוווט די ליפּן צו פאַרבייסן,
נישט איין מאָל שוין רציחהדיק פאַרקריצט די ציין,
נאָר יעדעס מאָל, ווען עס ברויזט אין מיר דער כעסן,
קומסטו אַ, לעבן מיינס אַזוי תמימותדיק צוגיין,
און דעמאָלט זינגט דאָך אויך דער נזיר אויפן שטיין.

און דעמאָלט זינגט אין דעם אָרום אַפּילו אויך די לופט, —
זי ניגונט, ווען עס כוואַשטשעט זיך אין איר די רוט.
דאָס לעבן ווערט נישט מיד. נישט מיד, — עס רופט און רופט
און קלאַמערט זיך מיט טרייסט: דאָס שלעכטע וועט ווערן גוט,
און אָט די טרייסט וועקט האָפענונג ביי דיר אין בלוט.

איז וואָס זשע זאָל איך טאָן? אַנטשוויגן ווערן?
דערדריקן אָט דעם ברומענדיקן ניגון טיף אין זיך?
דערדריקן אים, אַז קיינער זאָל אים נישט דערהערן?
אוי, מענטש, קאָנסט אָפּהאַלטן פון גיין די בעסטע שיף,
אָבער נישט די פיס, וואָס שפּאַנען אום אַליין פון זיך!
דער ניגון, דאָס איז דער מענטש מיט אַלע זיינע גלידער,
דאָס איז זיין פלייש און ביין, זיין הייס און זודיק בלוט, —
עס ניגונט זיך פון אַלעמען מיט ניגונדיקע לידער,
אַפילו, ווען עס פּאַכעט איבער זיי די שאַרפסטע רוט,
און פּאַסעוועט די לייבער זייערע ביז בלוט.

אָט פּאַסעוועט די רוט איצט מיך. אויפגעלאָפן, אָנגעשוואָלן
איז מיין לייב איצט פון שווערע, פּאַלנדיקע ריטער,
און איך? — מיר אַלע שאָף אין פרעמדע טאָלן.
וואָס בלאָנדזשען אום אַן פּאַסטוכער, אַן היטער,
און איבער אונדז אַ הימל, אַזאַ אָנגעגליטער!
עס טראָגן איבער אונדז זיך מוראדיקע געפאַרן,
פון אונטער אַלעביימער וועלף מיט גאַרנדיקע בליקן,
און אויף אַ בערגל די לאַפּעס פון אַ טיגער זיך צעשאַרן
און גרייטקייט זיינע ציין אין אונדז צו שיקן,
און אַלע העלדזער אונדזערע דערוואַרגן און דערשטיקן.

נו ניגונט אין מיין ניגון זיך דער קר̇עכץ פון שאָף פאַרלאָזענע
אָן פּאַסטוכס וואַכיק אויג אויף וועגן פון אַ פרעמדן טאָל.
אַ גאָט, עס זיינען שאָפן־פּיסלעך נישט קיין האָזענע,
עס לויפט זיך זיי נישט אַזוי גרינג אין פרעמדן טאָל,
בפרט, ווען זיי זיינען דאָרט אין אַזאַ גרויסער צאָל.
פאַלן זיי אין זייער לויפעניש איינע אויף די צווייטנס פעל,
און מיט פאַרגלעזטע אויגן קוקן זיי צום הימל, —

די זון איז פֿאַר זיי איצט, ווי אַ לאָמפּ אין אַ תּפֿיסה־צעל,
די וואָלקנס, ווי די זקנים, כאַפּדיק אין גאַנג אַ דרימל,
דער גרינער באַרג, ווי אויף אַ פֿאַרכעוואַטע קאָפּ, אַ בלימל.

ווייַ, אוי ווייַ איז צו די שפּלדיקע שאָף אין פֿרעמדע טאָלן,
ווייַ איז צו דעם מענטשן, וואָס איז צו אָט אַזאַ מין שאָף צוגלייך,—
אוי ווען זשע, ווען זשע וועלן זיך שוין אויסגלייכן די טאָלן,
אַז שאָף און לייב און טויב, און אָדלער מיט דעם מענטש צוגלייך
זאָלן אַלע קאָנען שטילן זייער דורשט אין זעלבן טייך?
געזען האָט אַזוינס דער נביא אין זיין וואונדערלעכן חלום
מיט אַזוי פֿיל דורות לאַנג, שוין זייער לאַנג צוריק:
— קומען וועט אַ שטראַלנדיקער אויף זיין ווייסן פֿערד דער שלום
געזונגען האָט מיין גוטע מאַמע איבער מיר אין וויג,
און זעט, — דער שלום הענגט נאָך אַלץ דאָ אויף אַ שטריק!

אַ לעבן מיינס, איך וועל מיט דיך זיך נישט צעקריגן,
ווייל וואָס וועט דען אַרויס קומען פֿון אָט דעם קריג?
און אַז די שאָף זיינען איצט צעווייִנטע אין מיין ניגון,
איז אויך מיין ליד צעוויינט, נאָר רופֿן רופֿט עס אַלץ עקשנותדיק:
— אוי פּאַסטוך, פּאַסטוך, קום שוין, קום שוין גיך צוריק!
קום אָן מיט פֿייפֿל דיינעם און מיט בייטש צעקנאַלטער, —
דאָס ערשטע פֿאַר די שאָף, דאָס צווייטע פֿאַר די וועלף!
עס וואַרט אויף דיר דער הימל, דער צעפּראַלטער, —
עס וואַרטן דיינע בלודנע שאָף, אַ קום און העלף!
אַ קום און העלף אונדז פֿון די בייזע וועלף!

# ברוך הדושם יום, יום!

מיט בײטשנקנאַלערײַ איבער אונדזערע פּלײצעס,
און מיט שנײַדנדיקע לײצעס
װערן מיר געקערעװעט צום תהום.

ברוך הדושם יום, יום,
פֿאַר יעדער שעה,
װאָס איז נאָך דאָ, —
פֿאַר יעדער מינוט
אונטער דער רגע!

די צײַט װעט זיך בײַטן!
עס װעט קומען צורײַטן
דער גואל־הצדק פֿון װײַטן
אויפֿן רוקן פֿון אונדזער פּײַן,
און מיטברענגען פֿאַר אַלעמען אַזאַ מין שײַן,
אַז די זון װעט װערן אונדזערע אויך!

איצט איז רויק,
אַזאַ געדיכטער, געדיכטער!
און עס שפּאַנט אום א ײדישער דיכטער
צוזאַמען מיט זײַן געפּײַניקטן דור,
און װײנט מיט אַלעמען אין כאָר.
און טרעפֿט זיך, אַז אין דער בהלה,
צעװײנט ער זיך אין אַ סאָלאָ,
איז ער אויך דעמאָלט דער בעל־תפֿילה
פֿאַר דער גאַנצער קהילה.

און נישט נאָר ער ווײנט, נאָר עס זינגט אויך דער דיכטער
מיט דער מאַסע, דער געדיכטער
ביים ראַנד פונעם תהום:
— ברוך הדושם יום, יום! —
איז לאָמיר דעם טאָג נישט צעפּטרן, —
לאָמיר פּלאַטערן,
ווי פאָנען צו די ווייטען,
וועט דערזען דער גואל־צדק און קומען צורייטן,
וואָס שנעלער,
און העלער!

# מיר דאַרפן ניט קיין עולם-הבא!

איז ווי זשע האָט עס געזונגען דער גוטער־ייד
מיט די אויגן אַרויף און דעם האַרצן צעגליט
צו הקדוש־ברוך־הוא?
אַזוי האָט געזונגען יענער גוטער־ייד
מיט די אויגן אַרויף, מיט דעם האַרצן צעגליט,
און די הענט אויסגעשפרייט,
אין דערהויבענער פרייד
צו הקדוש־ברוך־הוא!

— דו, אַ דו, אַ דו!
האָט ער געזונגען בשמחה־רבה,
— מיר דאַרפן נישט קיין עולם־הבא,
נאָר דיך!
נאָר דיך!
נאָר דיך!

וועלן מיר, זיינע קינדער, נישט אויסטאָן די שיך,
און קיין שבעה זיך נישט זעצן
דערפאַר, וואָס מען האָט אונדז נישט, ווי די געצן,
אויסגעמאָלן אויף די טראָנען
אין די פאַנטעאָנען
פאַר די קומענדיקע דורות.

מיר, — די מנורות
פון אונדזער וואָכנדיקן לעבן,
וועלן די הענט זיך איצט געבן,
און זינגען צו דעם יאָך
פון אונדזער וואָך.

און זינגען וועלן מיר, ווי יענער גוטער־ייד,
מיט די אויגן אַרויף און הערצער צעגליט
בשמחה רבה:
— מיר דאַרפן נישט קיין עולם־הבא!

# די נעכטנס

די נעכטנס רירן זיך,
קאָלירן זיך, —
זיי קומען צו געסט,
נאָר דער פויגל אין נעסט
האָט מורא פאַר דעם אייגן פאַרמעגן,
און ער פליט זיי נישט אַנטקעגן
אויף די וועגן.

ביי צוגעמאַכטע טירן
בלייכן זיך די קאָלירן, —
די נעכטיקע,
פּרעכטיקע,
און גייען זיך פאַנאַנדער
אין אַ נייעם וואַנדער, —
אוי אפשר וועט זיך טרעפן,
און עס וועט זיך פאַרט טאָן אַ צעעפן
אַ טיר פון די, וואָס זיצן
און קריצן
די נייע תורות
פאַר די קומענדיקע דורות?

איצט איז פינצטערע נאַכט, —
איך זיץ און איך טראַכט
פון די איצטיקע נעכט,
וואָס זיינען אין געפעכט
פאַר שטולן אויבנאָן

אינעם פאַנטעאָן,
און פון די איצטיקע טעג,
וואָס שיטן אַזוי פלינק און פליסיק
איינער דעם אַנדערן אויפן וועג
מיט ברענענדיקן פריסיק.
און אַז עס וועט זײַן,
אַז אויך אונדזער שײַן,
וועט זיך קלייבן צו די מאָרגנס אין געסט,
וועט דעמאָלט אויך דער פויגל אין זײַן נעסט
ציטערן פאַר דעם אייגן פאַרמעגן
און אונדז נישט פליען אַנטקעגן
מיט זײַן געזאַנג אויף די וועגן!

# א י י ב י ק

דאָס פּאַפּיר איז ווייס און ריין,
און פּאָעט אויף דעם שרייבט :
— דער וואָס לעבט מוז פאַרגיין,
אָבער אויסשטראַלונג בלייבט.
ווייל אַלץ, וואָס איז שיין
ווערט באַלעבט און באַלייבט,
און בלייבט
אייביק.

שוין גרוי דיינע האָר,
נאָר דער טוי פון דיין בליק,
וואָס האָט, ווי אַ זילבערנע וואָר
אַ שפּרייט געטאָן גליק
פאַר פּאָעטיש געמיט,
וועט בלייבן אין ליד
אייביק.

קיאַיאר האָט געבראַכט
די שיינקייט צו מיר,
און כאָטש סע שוין נאַכט,
איז ליכטיק דאָך מיר, —
מיין פען איז צעוואַכט
אויף ווייסן פּאַפּיר, —
וואָס איך האָב געבראַכט
וועט בלייבן נאָך מיר
אייביק.

# מלחמה

נעכטן האָט אַ שפּילעווּדיק הינטל
זיך געשפּילט מיט אַ ווינטל,
און געדרייט מיטן עקל.
אַ פויערטע האָט אין אַ זעקל
קאַרטאָפליעס געטראָגן
פון פעלד צו דער כאַטע,
און מיט טשוועקעס צוגעשלאָגן
האָט אַ ברעט, ווי אַ לאַטע,
איבערן טויער
דער פּויער,
אַז דער ווינט זאָל אים נישט וויגן.
אין שטאַל האָט דער בוהיי געשריגן,
פון דער קייט זיך געריסן,
לאָזנדיק וויסן
זיין באַגער נאָך די קי.
די זון איז פאַרגאַנגען אין גאָלדענעם גלי,
און אויפן פעלד זיינען די זאַנגען
אַזוי געדיכט אויפגעגאַנגען
צום פאַרנאַכטיקן הימל, —
עס האָט געשמעקט מיט ווייץ און מיט קימל!

נעכטן! אוי נעכטן! אוי נעכטן!
און היינט פירט די זון שוין שעכטן
אויפן מזבח איר אייגענע שיין.
ווי אַ כאָרכלדיקער שוויין
ציט זיך פון בערגל אַרונטער
אַ שטאָלענער טאַנק,

די זון גייט אונטער
פאַרגעלט און קראַנק
איבער אָפּגעברענטן טויער,
איבער הינטל, פויערטע, פויער,
וואָס ליגן מיט אויגן פאַרשטאַרטע
איבער זאַנגען צעטראָטענע, פאַרדאַרטע.

און דער בוהיי, די קי
זיינען אויך שוין נישט הי!

# פֿאַרוואָס?

אַמאָל איז יעדער פֿון אונדז אַ צוויג פֿון אַ בוים,
וואָס ציטערט פֿונעם ווינט,
אַמאָל איז מען אַ ביסל שוים,
וואָס טראָגט זיך בלינד
איבער דעם תּהום
פֿון ים׳יקן טיף,
אָבער אין זיין טרוים
איז יעדער פֿון אונדז אַ שיף,
וואָס טראָגט זיך,
און שלאָגט זיך
בייז און בלינד
מיטן ווינט.

אין די איצטיקע טעג און נעכט
זיינען מיר אַלע אין געפֿעכט
אַזוי ביטער און עקשנותדיק.
דאָ צערייסן מיר אַ שטריק,
דאָרט צעוואָלגערן מיר אַ בריק,
און אָפֿט מאָל רייסן מיר אויס
פֿונעם אייגענעם גאָרטן אַ רויז,
און צעטרעטן זי מיטן אייגענעם טראָט.

אַזוי איז דאָס געבאָט
פֿון די איצטיקע נעכט און טעג!
דאָס באַוואוסטזיין שרייט, אַז מען מעג,
אַז אַזוי באַדאַרף צו זיין,
אָבער נישט איין מאָל, ווײַנען מיר פֿון פּיין,
פֿאַרוואָס באַדאַרף אַזוי צו זיין!

# זעכציק יאָר נאָכן טויט פון קאַרל מאַרקס

יעקב מילד'ן

און אַט זיינען שוין זעכציק יאָר דאָך פאַרגאַנגען
זינט ער האָט צוגעמאַכט זיינע קלאָר־זעענדיקע אויגן,
און מיר, די דורות נאָך אים, שניידן אַלץ זיינע זאַנגען,
די פולע, די רייפע, און לייגן זיי אין סטויגן
אַלץ העכער און העכער.
איצט ברענען אונדזערע דעכער
אין פלאַמיקן פייער,
דאָס גאַנצע האָב און גוטס אין אונדזער שייער
איז אין דער גרעסטער געפאַר,
אָבער ער גליט צו אונדז פונעם זשאַר
מיט אַ גלי, וואָס לאָזט זיך נישט פאַרבלייכן, —
דער ציל איז דאָ, — מען מוז אים דערגרייכן!

ער האָט געבונדן אַלע שאָטנס אין פאַסן פון שטראַלן,
און דעם גרעסטן חלום האָט ער פאַרוואַנדלט אין וואָר!
אָבער וואָס האָט ער געפילט, ווען דער שלייער איז געפאַלן,
און אַלצדינג האָט זיך אַנטפלעקט אַזוי קלאָר?
אַ שאָד, וואָס ענגעלס דערציילט אַזוי וויניק דערפון!
האָט ער אויפגעגליט, ווי אַ זון,
אָדער ער איז, ווי משה רבינו ביים ברענענדיקן דאָרן,
אַ צעצאַפּלדיקער געוואָרן,
און אויסגעטאָן פאַר צאַפּלעניש די שיך?
צי האָט ער גאָר אָנגעהויבן פון זיך
די קליידער צו רייסן,
און די הענט זיך צו בייסן
פון גרויסן צער?

וואָרים וואָס איז סוף כל סוף דער שכר
פון דערגיין צו דעם ציל?
מען בלייבט דעמאָלט שטיל,

און געפּלעפּט,
ווארים אַז מען איז שוין באַהעפט,
איז מען שוין דעמאָלט דען אינגאַנצן באַפרייט?
אָפּטמאָל איז ערשט דעמאָלט נאָך גרעסער די אײנזאַמקייט!

ווען אַ מענטש דערזעט אין אַ נייעם ליכט דאָס לעבן,
דערפילט ער דאָך, ווי עמעצן דערפאַר אַ דאַנק אָפּצוגעבן, —
צו וועמען זשע האָט זיך דער דאַנק צעברויזט אין אים?

שווים, שיף מײנע, שווים
אויף די קילע כוואַליעס פון זײנע לויטערע ווערטער,
און דערגרייך יענע ערטער,
וואָס ער האָט דערגרייכט.
האָט זיך זײן פּנים צעבלייכט,
ווען אויפגעדעקט האָט זיך פאַר אים דער לעצטער סוד?
זינגט דאָך שטענדיק יעדער זוכנדיקער טראָט
אַ העלער געזאַנג
אין זײן גאַנג,
ווי דער, וואָס איז שוין דערגאַנגען!

דאָך זע, — אָט זיץ איך געפאַנגען
און אינגאַנצן געפּלעפּט פון דעם,
וואָס ער האָט אונדז געוויזן.
נישט אומזיסט האָט זײן וועלט־באַנעם
געבוירן ביי אונדז אַזעלכע ריזן!

זע, זע, — סאַראַ מעכטיקס און שטאַרקס
עס קוקט אַרונטער דאָס פּנים פון קאַרל מאַרקס
צו דיר,
און צו מיר,
פון דעם פּשוטן בלעטל פּאַפּיר!
עס איז שוין זעכציק יאָר, —
דאָך איז דאָס אַ פּנים פון וואָר!
די קרעפטיקע, געדיכטע און לעבעדיקע האָר
אויף זײן באָרד און זײן קאָפּ און זײנע ברעמען,

און דער שטערן, און די בליקן די קלאָרע!
אַזוינע בליקן שטעכן דורך און באַנעמען
די פאַרפּלאָנטערטסטע און טונקלסטע סברא.
אָבער וואָס האָט פאַרט געפילט אָט דער ריזיקער כוח,
ווען זיין ליכטיקער מוח
איז דערגאַנגען צום ציל?
איז ער געבליבן זיצן פאַרמאַטערט און שטיל?
אָדער האָט ער אויפגעגליט נאָך ליכטיקער פון דער זון?
אַ שאָד, וואָס ענגעלס, זיין חבר, דערציילט אַזוי ווייניק דערפון!

# גאָט, דו ביסט גרויס

ווינטן צימבלען רוישיק איבער הימלישע קלאַווישן,
מישן זיך און מישן זיך און פאַרמישן
די אָנגעצייכנטע וועגן פון מיין לעבן,
ווי כוואַליעס אין אַ שטורעמדיקן ים־געברויז.
אָ גאָט, איך וויל אַ שבח צו דיר היינט געבן!
— גאָט, דו ביסט גרויס!
— גאָט, דו ביסט שטאַרק!
און טאָמער איז דיר קאַרג
אָט דאָס, וואָס איך זאָג, —
נישט שלאָג, נישט שלאָג,
אַ מעכטיקער האַר
מיך דערפאַר, —
איך בין דיין בידנער קנעכט.

מיר איז היינט אַזוי שלעכט
מיטן ביסל פאַרמעג
אויפן וועג.
אַזוינע פאַרכטיקע טעג און נעכט,
און יעדע שעה איז אין געפּעכט
מיט אַלעאַרליי גערוישן,
וואָס מישן זיך און טוישן,
און חזרן זיך איבער.

אָ גאָט, דו ליבער,
ווער דו זאָלסט ניט זיין,
וואו דו זאָלסט נישט זיין,
פיל איך דיין מאַכט איבער זיך!
זע, זע, — איך קריך
צו דיר

אויף אַלע פיר,
אָבער וואו איז דיין טיר?
און וואָס ביסטו?
דער אומרו? צי די רו?
ביסטו באַשאַפער פון באַשאַפונג,
אָדער בלויז באַשאַפונגס אַ באַשאַף?
סיידוי בין איך אין פאַרגאַפונג, —
זע, זע, ווי איך גאַף,
ווי איך ציטער
אין דעם געוויטער
פון די איצטיקע טעג און נעכט.
אַזאַ מוראדיק געפעכט
אויף מיין וועג צו דיר,
און מיין גאַנג צו דיין טיר
איז אַזוי שווער.

אָט האָב איך אַ געהער,
וואָס הערט, דערהערט
דעם שטילסטן טראָט, ווי דאָס געקלאַפעריי פון די מאַטאָרן
אויף אונדזער ערד.
אָט האָב איך אַ זכרון,
וואָס געדענקט, געדענקט,
און זע, — עס הענגט
אויף יעדן בוים
מיינער אַ טרוים,
און קראַען זעטיקן זיך מיט זיי
מיט קראַקנדיק געשריי, —
זעסטו דאָס?
הערסטו דאָס?
יאָ, צי ניין?

ווי שווער עס איז צו גיין אַליין
בשעת וויגנטן צימבלען רוישיק איבער קאָסמישע קלאַווישן!
געררוישן מישן זיך, טוישן זיך, פאַרמישן
די אָנגעצייכנטע וועגן פאַר מיין לעבן,

ווי כוואַליעס אין אַ שטורעמדיקן ים־געברויז.
אָ, גאָט, עס ווילט זיך מיר אַ שבח דיר געבן,
און זאָגן דיר, ווי גרויס,
און ווי מעכטיק דו ביסט.
און זאָגן דיר, אַז נישט אומזיסט
ביסטו דער הערשער איבער וועלטעמל און מיסט
און איבער אַלע ריזן און די קעניגרייכן.
נישטאָ אין גאַנצן קאָסמאָס גאָר דיין גלייכן,
אויף אַלע ביימער צאַפּלען זיך די צווייגן,
אַפילו די געפאַנגענע אין שטייגן,
די באַהאַלטענע אין שטיבער,
און די מתים אין די גריבער
זיינען אַלע, אַלע אין איין ציטער
אין דעם איצטיקן געוויטער, —
אָ גאָט, און דו?
אפשר ציטערסטו
איצט אויך, ווי מיר אַלע דאָ?

אין אָט דער מוראדיקער שעה
הער איך שדים־טריט צעדריגעט אין אַ טענצל.
דער טויט האָט אָנגעטאָן אויף זיין שאַרבן
אַ שטעכעדיק קרענצל
צום יום־טוב פון זיין אַרבן, —
דאָס קרענצל פון צעטראָטענע צווייגן און בלעטער,
און דער טויט טענצלט אין דעם איבער אָפּגעלעבטע געטער,
וואָס בענקען שוין נישט אַפילו צו זייערע טראָנען צוריק, —
אָ, גאָט, אויף וועלכן נייעם האָלדז וועט די שטריק
זיך באַלד פאַרוואַרפן?

אַמאָל און אַמאָל האָבן פינגער איבער סטרונעס פון האַרפן
אויסגעשפּילט די האָפענונג צום ליכטיקן מאָרגן,
און דעמאָלט זיינען די שווערסטע זאָרגן
גרינגערע געוואָרן.
שפּעטער האָט די פויק דעם גרויסן צאָרן
פון דער ערד אויסגעפּייקלט,

און געטער האָבן זיך צעקייקלט
פון די טראָנען.
פלאַטערדיקע פאָנען
האָבן געביטן די קאָלירן,
און געטער אויך.
אָבער זע, די גרויל גרוילט אַלץ ביי די טירן,
און זעסטו שלענגלען זיך אַ רויך,
איז ער נאָך אַלץ נישט קיין סימן,
אַז ראובן, אָדער שמעון
האָט איינגעהייצט דעם אויוון וועטשערע צו קאָכן,
און אַז ביים טיש וועט היינט זיצן אַ שכן,
אָדער אַ גוטער פריינט, וואָס איז אַריין געקומען.
און הערסטו פון ווייטנס שיפן ברומען,
זיינען זיי נישט פון די, וואָס ברענגען געסט צו דיינע ברעגן.
זע, זע, — עס גייען שיפן זיך אָנטקעגן
מיט מיילער רויכיקע, צעקנאַלטע.

אַ גאָט, דיין וועלט איז אַזאַ אַלטע,
אַזאַ קרענקלעכע, און בייזע.
עס דערמאָנט זיך די מומע רייזע, —
אַ יידענע אַ זאָגערין,
אַ קלאָגערין, —
זי פלעגט קלאָגן,
און זאָגן:
— אַ חורבה וועסטו מיט קיין ליים נישט מאַכן שענער,
און אַ מת וועסטו מיט דעם קרייען פון הענער
נישט אויפוועקן צו חצות.

אַחרי מות
קדושים, —
דער טויט מאַכט אַ רושם, —
אַ גאָט, דיין וועלט איז נישט טויט,
זי איז בלויז מיט קויט,
און אַזוי אַלט,
און מיר איז קאַלט

הײַנט אין איר.
פֿאַרגיב אָט די רייד צו דיר
פֿון אַ בײדנעם קנעכט, —
מיר איז הײַנט אַזױ שלעכט,
און װי איז דיר ?
אױ, װײ איז צו מיר, —
אפֿשר איז גאָר דיר
נאָך הײַנט ערגער פֿון מיר ?

# אָוונט

נאָך טומלדיקן טאָג איז אוודאי אָוונט אָנגענמען,
אָבי אַ דאַך איז דאָ און אָרעמס דיך אַרום צו נעמען.

און אויף דער ווייכער זאָפע איז נישט שלעכט צו ליגן
און אין חלומות אויסטערלישע זיך אַרום צו וויגן.

דאָס דאַאיקע נישט דאַאיק און אַלץ ווערט מעגלעך, —
די פליגל פון חלומות זייַנען וואונדערלעך, באַוועגלעך.

זיי טראָגן דיך גיך, גיך אַוועק צום אומדערגרייכטן,
און דאָרטן לעבסטו ביז פרימאָרגן, דעם צובלייכטן.

נאָר אַז דו כאַפּסט זיך אויף, ווערסטו אָנגעפילט מיט טרויער,
דערזעסט נאָך שטאַרקער דעם פרעמדן צוגעמאַכטן טויער.

דער שלאָס אַ צוגעשלאָסענער, פאַרריגלט אַלע ריגל,
און דו דערזעסט דיין פּנים אין אַ צעקרומטן שפּיגל.

און דעמאָלט שמייכלסטו מיט אַזאַ מאָדנעם שטילן שמייכל, —
וואָס טויג דאָס אויסגעטרוימטע אין דעם גאָרנישטיקן היכל!

דערפאַר, אַז איך דערזע, ווי אָוונט נעמט זיך שפּרייטן,
צעבענק איך גאָר זיך נאָכן טאָג דעם אָפּגעשיידטן.

ווייל טאָג איז קאָפּ־אַרויף און הענט־צעשפּרייטונג,
און אָוונט צו געזאַנג נישט מער, ווי בלויז באַגלייטונג.

ווייל טאָג איז בויאונג רעשיקע, און באַשאַפונג,
און אָוונט איז נישט מער, ווי בלויז פאַרגאַפונג.

שטייסט פאַרגאַפּט, ווערסט קליין און קלענער,
ביסט אָנגעפילט מיט מאָדנער זעענג און מאָדנע טענער.

יעדע רגע ציט זיך, ציט זיך, — זי ווערט שעה׳עק,
און אָט די שעה׳ען זיינען אַלע גאַרנישט דאַאיק.

נו, יאָ, — אין אָוונטן לבנהדיקע, שטערנדיקע, שטילע
רייסט בענקשאַפט זיך פון דיר, גייט אויף, ווי תּפילה

און תּפילה טאָן איז אוודאי זייער אָנגענעמען, —
עס ווענט זיך נאָר צי עס איז פאַראַן צו וועמען.

# אַזוי צו זאָגן

עס ברענט די ערד הינטער אונדזערע שיך, —
פונדעסטוועגן זאָגן מיר צו זיך
אַזוי צו זאָגן:
— שווער איז דאָס טראָגן,
און שווער דאָס געבערן,
אָבער מיר וועלן קיין מידע נישט ווערן
נאָכצוגיין אונדזערע טרוימען.
און זעט איר פון אונדזער קוימען
קיין רויך זיך נישט הויבן,
איז אַלץ אונדזער גלויבן
נאָך דאָ און ער וועט אייביק דאָך זיין.

דורך דער גרוילנדיקסטער פּיין
צו דער וואַרטנדיקער פריידּ!
אונדזער פעלד צעאַקערט, פאַרזייט,
וואָס ווערט איצט פאַרלענדט,
וועלן מיר נאָכאַמאָל מיט אונדזערע הענט
צעאַקערן, פאַזייען,
און אונדזערע נאָדלען וועלן פאַרנייען
אויף אונדזערע לייבער די ריסן,
און אונדזערע קינדער וועלן אויסווישן די טרערן
פון אונדזערע אויגן, וואָס פליסן.
זעט, זעט, אונדזערע שאָף לאָזן זיך שערן,
ווייל זיי האָבן נישט קיין ברירה,
און דער שערער? — ער טוט אַן עבירה,
און איז זיך אַפילו נישט טובל אין טרערן,
אַז די זינד זיינע זאָלן גרינגער ווערן.
אָבער מיר, וואָס האָבן צוטרוי צום לעבן
וועלן נישט אויפהערן צו געבן
אויך אַ שבח צו אונדזערע יסורים.

וואָרים, וואו איז דער טורעם,
וואָס האָט אַליין זיך געבויט?
און וואו איז דאָס ברויט,
וואָס פאַלט פונעם הימל?
עס איז דאָך, ווי אַלעף־בית־גימל,
און מיר וויסן דאָס אַלע.

געוועזן איז אַ כלה,
אַ שיינע, באַ׳חנ׳טע,
און גראַציעז, ווי אַ בויגן.
איצט זיינען פאַרוויינטע
ביי איר דאָך די אויגן,
ווייל מאָן איז נישט חתן.

געוועזן איז אַ קעניג,
איז לוויתן
געוועזן אויך אים ווייניק,
און ער האָט זיינע באַדינער
געשמיסן, געשלאָגן,
אַז זיי זאָלן אים ברענגען צעטראָגן
אויף הינער
געבראָטענע.
אָבער מיר די צעשאָטענע,
צעטראָטענע
אונטער רשעותדיקע פיס
האָבן אַפילו נישט דעם וואָס סע נישט איז.

אברהם אונדזער זיידע האָט געלעבט אין כנען,
יעקב אונדזער טאַטע איז געשטאָרבן אין גושן, —
איצט טרעט אַ ייד אויף רוי־ערד אין ביראָבידזשאַן,
זיך זעג און זיין האַק די טייגע צערוישן.
באַלד, באַלד וועט אַן אַקער צעאַקערן, —
דער טאָג וועט ביים אויפגיין צעפלאַקערן
מיט אַרבעט פון יידישע הענט,
און אָוונט־צייט וועט דער טאָגיקער בלענד
דערמאָנען אַז מאָרגן וועט באַכאַמאַל טאָגן.

איך זאָג אַזוי צו זאָגן:
— שווער איז דאָס טראָגן,
און שווער דאָס געבערן,
אָבער מיר, וואָס דערהערן
דעם גאַנג פונעם לעבן
מוזן אויך געבן
אַ שבח די יסורים
אין דעם בוי פונעם טורעם, —
אונדזער ליכטיקן טורעם!

# דוד בערגעלסאָנען צו זײַנע זעכציק יאָר

און אַט איז שוין ווידער מיט אונדז דיין „מידת־הדין״.
מיר אַלע זײַנען איצט פּיליפּאָווס אַנטקעגן בערלין!

די פאַרגאַנגענע יאָרן
זײַנען נישט אָפּגעווישט געוואָרן
אין מײַן זכרון.
ציילנדאָרף. אַכט און דרײַסיק רימאַר־שטראַסע, —
מיר בײדע צווישן דער אַרישער ראַסע
אין אונדזער בענקשאַפט נאָך מאָסקווע און בירא־בידזשאַן.
ווען דו האָסט מיך באַגלייט צו דער באַן
אויף מײַן וועג צוריק קיין נויאָרק,
האָב איך געזען אַזוי פיל זאָרג
אין דײַנע גרויסע, טונקעלע אויגן.

אַ פּאַווע געפלויגן, געפלויגן,
און מיר בײדע האָבן צו איר געצויגן
אונדזערע בענקענדיקע הענט.
די זון האָט געבלענדט
מיט מידת־הרחמים אויף אונדזערע גלידער,
און מיר האָבן זיך געזען אין אַ וועלט פון שוועסטער און ברידער.

די פּאַווע, —
זי ברויזט איצט מיט לאַווע!
זע, זע, ווי עס ברויזט איצט מיט מידת־הדין
בײַ אונדז אַלעמען אַנטקעגן, נאַצי־בערלין:
אַ פּיליפּאָוו ביסטו, אַ פּיליפּאָוו בין איך, —
מיר אַלע טראָגן איצט דײַן פּיליפּאָוון אין זיך,
און נישט פאַלן וועט קיינער פון אונדז צו דער ערד,
ווי ער איז געפאַלן פון זײַן פערד,

נאָר יעדער איינער פון אונדז וועט זיך טראָגן אויף דעם,
ווי אַ שמעון, ווי לוי אין שכם,
און אַך, ווי מיר וועלן זיך עס צעצאָלן מיט אונדזערע באַצווינגער!

שוין איצט איז אונדז גרינגער, —
מיין לאַנד איז צוזאַמען מיט דיינעם אין דער שלאַכט
אנטקעגן דעם חושך פון דער נאַכט,
און נישט וויית
איז די צייט,
ווען מיר ביידע וועלן מיט אונדזער מדית־הדין
זיך באַגעגענען אין דעם באַזיגטן בערלין!

# אויף עקדות

אַמאָל און אַמאָל בין איך געווען נישט מער, ווי אַן עדות
פון דעם גײַענדיקן לעבן אַרום מיר.
איך בין געזעסן מיט דער ירושה פון מײַנע באָבעס און זיידעס
ביי דער שוועל פון מײַן טיר,
און געבלאָזן רינגעלעך פון מײַן לולקע־רויך.
מיט אַ ביסל זון פון דער הויך
און מיט אַ פויגל־טרעל
בין איך אויף מײַן שוועל
געווען דער קעניג
ווען די וועלט איז אונטערטעניק.
און האָט ווען געטראָפן,
אַז עס איז אַנגעלאָפן
אַ וואָלקן איבער מײַן הימל,
און מיך אַ וועק געטאָן פון מײַן דרימל,
האָב איך זיך אַ טשוכע געטאָן און געזאָגט:
— זע, זע, — אַ וואָלקן טראָגט, —
און דערביי האָב איך צוגעלייגט: — נו, מילא!
אין שטוב איז געווען דעם זיידנס געבלימטע פּאַטשיילע,
איז זי געווען אַ סגולה צו קעלטן,
דער באָבעס „נחלת־צבי״
האָט דערציילט פון אויסטערלישע וועלטן.
און אַז עס זײַנען אָנגעקומען די טעג, וואָס זײַנען איצט דאָ הי,
און זיי האָבן אָנגעהויבן צו מאָנען ברויט און אַ העמד,
האָבן זיי צום אָנהויב אויסגעקוקט אַזוי פרעמד
אַנטקעגן די טעג פון די באָבעס און זיידעס.
און געווען איז דאָס דערפאַר, ווייל נישט מער, ווי אַן עדות
בין איך געווען פון דעם גײַענדיקן לעבן אַרום מיר.

איצט וואונדער איך זיך! — וואָרים זיינען דען דעמאָלט ביי מיין טיר
קיין שטיינער נישט געפאַלן און מיין רו נישט געשטערט?
אָבער געטראַכט האָב איך דעמאָלט, אַז אַזוי איז באַשערט
יעדן יידן אויף דער ערד,
און איך האָב זיך נישט געוועדט.

אָבער פלוצלינג, ווי מען וואָלט מיך אַ נעם געטאָן ביי די האָר,
און פאָרוואָר, —
איך בין פון אַן עדות אַליין אַ שטיק לעבן געוואָרן,
און זעט, — עס זיינען שוין יאָרן,
אַז איך פיר יעדן טאָג אויף עקדות
שטיקער ירושה פון מיינע באָבעס און זיידעס.

מיינע איצטיקע נעכט און טעג
זיינען אין שטענדיקן געפעכט אויפן וועג,
און זעט, — יעדער טאָג
קריגט מערער וואָג.
מיין זון באַנייט זיך מיט שיין,
מיין וויין, וואָס מער ער עלטערט זיך,
און קעלטערט זיך,
קריגט ער אַ שאַרפערן טעם.
איך בין, ווי אַ כוואַליע אין ים,
וואָס טראָגט זיך,
און שלאָגט זיך,
און לייזט זיך נישט אויף.
אַרונטער, אַרויף,
פאַרשאָטנט, צעגליט, —
הערט, הערט, עס גייען אויף פון מיין ליד
דער היינט אויך צוזאַמען מיט די פאַרגאַנגענע דורות!

ווינטן האָבן שטענדיק געלאָשן אונדזערע מנורות,
אָבער אונדזערע, הענט האָבן נייע קנויטן געצונדן,
מיטן בלוט פון אונדזערע וואונדן
האָבן מיר אונדזער געשיכטע געשריבן,

און זעט, — מיר זיינען געבליבן, —
מיר זיינען דאָ!

אַ שווערע די איצטיקע שעה, —
זי פירט אויף עקדות
אונדזער לעבן צוליב דער ירושה פון אונדזערע באָבעס און זיידעס,
און דאָך איז אונדזער ליבשאַפט צו זיי נישט פאַרלאָשן.
הערט, הערט, מיר רעדן נאָך אַלץ זייער לשון!
נישט מער, בשעת זיי האָבן געגלויבט בלינד, זוכן מיר אַ זין,
בשעת זיי האָבן רחמים געבעטן, מאָנען מיר דאָ דעם דין,
בשעת זיי האָבן געהאָפט אויף מן פונעם הימל,
פאָדערן מיר דאָ ברויטן מיט קימל
פאַר יעדן, פאַר יעדן.

איך האָב נאָך אַלץ ליב מיין באָבען און זיידן,
נאָר ליבשאַפט מיינט נישט דווקא אין זייערע טריט!
זייער לויטערקייט אָפּגעהיט און באַהיט,
און אַליין אַ טראָט ווייטער.
זעט, זעט, אין פלאַמיקן שייטער
אויף עקדות
גייט אויף די ירושה פון אונדזערע באָבעס און זיידעס,
און מיר אין די פלאַמען
מיט זיי אויך צוזאַמען!

מיר ברענען און ווערן נישט פאַרברענט, —
זעט, זעט, — מיר גייען אויף אין גאָר אַ נייעם בלענד!

# נישט מער אויף גאָט׳ס באַראָט

עס טרעט נישט מער מיין טראָט
גלאַט אַזוי אויף גאָט׳ס באַראָט,
נאָר אויף אַ זונבאַגאָסענעם וועג.
מיינע קומענדיקע טעג
וועלן מער נישט זיין קיין שרעקנדיקע האָזן
און נישט קיין ווינטלעך איבער גראָזן,
נאָר זיי וועלן שפּאַנען
אין געשפּאַנען
מיט עקשנותדיקן ווילן
צו ליכטיקן צילן.

מיינע טעג וועלן מער נישט פירן מיך,
נאָר איך
וועל פירן זיי.
נישט מער קיין קאַרוזעלגעדריי,
נאָר גאַנג צו דעם פאָראויס.
אַ הויז
דאַרף אַ דאַך אויף זיך,
אַ באַרוועסער דאַרף האָבן שיך.

איך וועל פון היינט אָן אויף מיין וועג
פירן מיינע טעג,
ווי דער פּאַסטוך פירט די פי
ביים אויפבלי און פאַרבלי
פון זומערדיקן טאָג.
אַ וואָגשאָל מוז דאָך האָבן וואָג
כדי צו האָבן וואָס צו וועגן.
איך לייג אַרויף מיין גאַנץ פאַרמעגן,
און קוקנדיק דערויף,
זע איך, אַז איך קום אַ גרויסן חוב,
וואָס מוז באַצאָלט ערשט ווערן.

איצט ווייס איך, אַז וויפל עס זאָלן זיך נאָך מערן
מיינע ווייטערדיקע וואָכן
וועלן זיי די שווערסטע יאָכן
טראָגן באַרג אַרויף.
מיך שרעקט נישט מער צו זיין אַ שרויף,
ווען נאָר מען דאַרף.
זעט, זעט די האַרף, —
זי קאָן אָן שרייפלעך אויך זיך נישט באַגיין.
די סטרונע איז פאַר זיך אַליין
נישט מער, ווי בלויז אָן אויסגעאיידלט דראָטל.
צו רייטן אויף אַ פערד איז נויטיק אויך אַ זאָטל, —
אָן דעם איז שווער דאָס רייטן צו דעם ציל.

די פליגל פון דער מיל!
ווי וואונדערלעך עס האָט
וועגן דאָן־קיכאָט
דערציילט פאַר אונדז סערוואַנטעס,
און מיך דערמאָנט עס
אין מיין פריערדיקן לעבן.
פעדעמלעך אין טעפּיכער צו וועבן?
נישטאָ פאַר דעם איצט קיין געדולד!
איך קום אַ גרויסע שולד
צו מיין קעמפנדיקן דור!

מיין חלום איז איצט אין דער וואָר
פון אַרבעטנדיקע הענט אין די פאַבריקן.
ער בויט בריקן, —
ער ווייסט איצט, ווי אַזוי אַ האַק צו האַלטן,
אַז ביימער זאָלן זיך צעשפּאַלטן.

מיין חלום איז קיין נאַקעטער און באָרוועסער נישט מערער, —
ער איז איצט אַ געבערער
פון אַ נייעם אייגנס, —
ווי גוט, וואָס איך מער נישט אונטערוועגנס!

אַזאַ וואונדערלעך געזאַנג
איז אין דעם גאַנג
צום באַרג אַרויף.

איז וואָס זשע, אַז אַ מענטש פאַרוואַנדלט זיך אין שרויף?
עס האָט דעם שרויף דער מענטש פאַרטראַכט, —
עס האָט דעם שרויף דער מענטש געמאַכט,
איז אינעם שרויף דער מענטש אויך דאָ.
אין אָט דער גרויסער שעה,
ווען מענטש גייט אויף
אָפּצומאַנען און אויסצוגלייכן אומעטום דעם חוב,
איז אומזין דער באַזונדער.

זעט, זעט, — וואונדער איבער וואונדער, —
שיפן
איבער אַלע טיפן
זאָגן אָן מיט הילכנדיקן ברומען,
אַז זיי קומען
אָנגעלאָדענע צום האַפן.
פייגל אין די הייכן צאַפּלען זיך און גאַפן
אויף דעם געיעג פון באַנען,
עראָפּלאַנען,
וואָס יאָגן זיך,
און טראָגן זיך,
און צעפירן
גוטע בשורות
צו אַלע טירן.

מיין חלום שפּילט זיך מער נישט מיט קיין גלאָט אַזויאַ שורות,
מיין חלום איז קיין נאַקעטער און באַרוועסער נישט מערער, —
ער האָוקעט נישט אין לופט דער לערער,
ווי דער הונט ביי סאָלאָגובן אין אַ ליד, —
ער שפּאַנט מיט פעסטע טריט.
ער טרוקנט זומפּן אויס און טייגעס, —
פאַרוואַנדלט שווערע דאגות
אין זינגענדיקער פרייד

פרעגט ביי דעם, וואָס גייט
נישט גלאַט אַזוי אויף גאָט׳ס באַראָט,
און ער וועט אייך דערציילן ווי אַנדערש זיין טראָט
איז צעשפּאַנט צו דעם ציל.

אָ, זאָל פון היינט אָן שוין מיין מיל
מאָלן ווייץ און קאָרן,
און זאָלן מיינע וויטערדיקע יאָרן
זריעה זיין און נישט קיין זייפנבלאָזן,
וואָס שפּילעוודיקע קינדער אין דער לופטן לאָזן
צו דעם הימל־בלוי
גלאַט אַזוי.

# די נאַכט ווען דאָס פּנים אין דער זון זיך צעשלאָגן

איך זאָג, און לאָמיר אַלע אַזוי זאָגן:
— מיט קרעכצן און וויינען און קלאָגן
וועלן מיר נישט דערטראָגן
אונדזער שווער געפּעק
אויף דעם לאַנגן וועג,
און מיט דעם מאָך און רעגנטראָפּנס
פון אַלטע, פאַרשימלטע דעכער
וועלן מיר נישט ווייך מאַכן אונדזער צוקאָפּנס,
און נישט אָנפילן אונדזערע בעכער
פאַר קידוש און הבדלה.

דער שטריק, וואָס רייסט אונדזער פּאָלע
צום צוריק
קומט פון אונטער דער בריק,
וואו עס וואוינען די אָפּגעשטאַנענע,
און זינגט עמעצער דאָרט לכו־נרננו,
איז דאָס נישט קיין געזאַנג עמעצן אַנטקעגן,
נאָר אַ געוויין אַזאַ אויף די וועגן,
אַז גאָט זאָל זיך דערבאַרעמען.

ווען עס ווילט זיך בלויז וואָרעמען
מיט דעם הלבענעם ליכטל פון נעכטן,
זאָל ער זיך זיין ציקעלע שעכטן
צו זיין גאָט, וואָס איז רזין־דרזין,
אָבער ער זאָל אויף אונדז זיך נישט פאַרלאָזן,
אַז מיר זאָלן זיינע ציקעלעך זיין.

מיר זיינען נישט פון די, וואָס גייען אַרויס און אַריין!
איינמאָל ארויס,
איז פאָראויס!
פון אונדזער הייליקן פּרוכת אין דער אַלטער קלויז

האָבן מיר נאָך אַ הייליקערע פּאָן אויסגעניים,
און זעט, זעט, ווי זי איז צעווייט
אין דער לענג און אין דער ברייט
אונטער דער זון, דער לבנה און אַלע שטערן!

נישט מער קיין תּפילות דורך טרערן
לאָזן מיר איצט פאַלן צום גאָט פון רזין־דרזין!
ווּעמען עס בענקט זיך שופר צו בלאָזן
צו אַ משיחן, וואָס וועט קומען אויף אַן אײַזעלע צו רײַטן
פון ערגעצוואו, — פון ווייטע־ווײַטן,
וואָס מען ווייסט נישט, וואו זיי ליגן,
זאָל דאָס זײַן אַ וויג־ליד אום צו פאַרוויגן
אין דער צעבראָכענער וויג
אונטער דער בריק,
אָבער מיר גייען נישט צוריק!

איינמאָל אַרויס
איז פאַראויס!
און פאַלן ביימער אינעם געברויז
פונעם שטורעמדיקן וועטער,
שניידן מיר עקשנותדיק די ברעטער,
בויען פון זיי נייע בריקן און שיפן
איבער די שטורעמדיקסטע טיפן.
מיר בויען עראָפּלאַנען פאַר די הויכן,
און דורך שטיקנדיקע רויכן
רייסן מיר זיך צום נייעם אויפגייענדיקן טאָג.

איך זאָג,
און דו און ער און זי זאָגן, —
די נאַכט וועט דאָס פּנים אין דער זון זיך צעשלאָגן,
און עס וועט אָנהייבן טאָגן!

# דורך אַקערן און האַמערן

שלומה מיכאָעלס׳ן

פאַראַן אַזוי פיל פרייד
אין דיינע פּראָסטע רייד!
רעד, רעד, איך הער, —
פאַר דיר איז מיין געהער,
און עס איז בלויז מיין באַגער
צו הערן מער,
און מער!

דער פונק וועט זיך צעפלאַקערן,
און מיר וועלן אַקערן,
און האַמערן
ביים שייטער,
און זיך קלאַמערן
אַלץ ווייטער.

אַ טראַגנדיקס דיין וואָרט, —
עס טראָגט זיך,
און שלאָגט זיך
פון אָרט צו אָרט.
אונדזער לעבן ווערט
דורך האַמערן דערהערט,
אונדזער לעבן ווערט
דורך אַקערן דערנערט.

דיין קול איז, ווי מעטאַל,
נישטאָ איז קיין וואואַל,
אויף אַלצדינג, וואָס דו זאָגסט,
כאָטש פּייניקסט און דו שלאָגסט,
מיט אַלצדינג, וואָס דו זאָגסט,

נעמסטו מיך מיט
נאָך דיינע טריט.

עס טרייסלט זיך די וועלט,
נאָר אונדזער זון איז אויפגעהעלט, —
זי זאָגט אונדז אָן,
אַז נישט פאַרשפּילט איז אונדזער קאָן, —
אַז באַלד וועט אונדזער אויפבוי אויפדאָסניי
אַ גיי טאָן פראַנק און פריי!

די זעגנדיקע זעג,
וואָס זעגט אויף אונדזער וועג
אַ בוים נאָך בוים,
צעזעגט נישט אונדזער טרוים,
וואָס הערט נישט אויף צו בלענדן
דאָס רשעות צו פאַרלענדן.

אָ דו, ווי ערדיש־פריש,
ווי זוניק־העל!
אָ דו, ווי שעפעריש
עס קלינגט ביי אונדזער שוועל
דיין וואָרט דאָ היינט!
פון פיינט
וועט ווערן פרייַנט,
און אַלץ וועט ווערן אויפגעשיינט!

# צו אַ געוועזענעם

אַז איך זע דיך אַמאָל זיך דורכשלעפּן איבער אַ טראָטואַר,
דערמאָנען מיר דיינע שאַרנדיקע טריט
דעם גליעקן זשאַר,
וואָס האָט אַמאָל געגליט
אין דיר מיט רויט

היינט ביסטו נישט מער, ווי אַ קנויט
אַן אויסגעלאָשענער,
אַ טריבונאַר
אַן אויסגעדראָשענער!
אַ נאַר,
וואָס חכמהעט זיך מעשטיינסגעזאָגט.
זע, זע, עס טאָגט
ביי אונדזער האַריזאָנט,
און דו, וואָס האָט אַמאָל געמאָנט,
און אַזוי געוועקט
ביסט איצט פאַרדעקט
מיט פינצטערניש געוואָרן.
נישט אומזיסט איז דיין צאָרן
אַזוי גרילצנדיק, היסטעריש!
ווי זאָגט מיין פעטער בעריש, —
אָט דער, וואָס פלעגט דיין רענצל טראָגן
צו דיין וואָגן,
אָט דער, וואָס האָט די ביכער דיינע יאָרן לאַנג געבלעטערט,
און דיין וואָרט פאַרגעטערט,
און דאָס אומגעטראָגן.
איצט זאָגט ער וועגן דיר אַזוי צו זאָגן:
— אַ שיינקייט, אַ געוועזענע
איז ווי אַ צייטונג אַ געלעזענע,
וואָס פּלאָנטערט זיך אומזיסט,
ווי אָפּפאַל און ווי מיסט
פאַר דיינע פיס.

ווי, ווי, וואָס פון דיין ביס,
דעם ציינערדיקן איז געוואָרן!
אַמאָל האָט ער, ווי שאַרפע שפּאָרן
דאָס לעבן דאָך געטריבן
אַלץ ווייטער, ווייטער, —
זע, זע, וואָס איז פון דיר געבליבן!
דו ביסט דאָס אַש פון אַן אויסגעברענטן שייטער,
וואָס יאָגט זיך בלינד
פון יעדן ווינט,
וואוהין עס בלאָזט זיך,
וואוהין עס לאָזט זיך!

# ג ע מ י י ן!

איז דען דאָ אַזאַ באַוויז,
וואָס זאָל דאָס אייז
אין דיר צעוואַרעמען?
מעג גאָט זיך דערבאַרעמען
אויף דעם סם אין דיין האַרצן,
אָבער מיר דאַכט זיך, אַז אין שוואַרצן
צו קליידן זיך איז באַזונדער דיר ליב.

פאַרגיב!
נאָר מיר דאַכט זיך,
אַז עס צעוואַכט זיך
הנאהדיק דיין אויער
בלויז צו דעם טרויער
און בלויז ער איז דיין דערפאַרונג
און בלויז ער איז דיין נאַרונג.

אַוודאי איז אונדז אַלעמען נישט גוט,
אָבער איז אונדז דען ווייניק די רוט
אין דער בלוטיקער האַנט פונעם שונא,
באַדאַרפן מיר אויך האָבן אַזוינע
צווישן זיך, אין די אייגענע רייען?
הער, הער, די פאַרצווייפלטע געשרייען
פון אונדזערע פאַרפייניקטע לייבער
אונטער די לאַפּעס פון די בייטשיקע טרייבער,
און האָסטו אַ טרייסט־וואָרט, צעעפן דאָס מויל,
אָבער בייסן מיט גאַליקן גרויל
איצט אין אונדז זיך מיט דיינע ציין?
גיי אַוועק, — ביסט געמיין!

# דער עקור בטחון

עס האָט געגאָסן אַ רעגן,
ווען אָנגעשלאָגן אַנטקעגן
האָבן זיך זיי.

ווײ, ווײ,
ווי זיי האָבן אויסגעזען!

און עס איז געווען,
אַז די באַגעגנטע,
באַרעגנטע
זײַנען ווײַטער געגאַנגען אונטערן רעגן
ביז אויף די וועגן,
האָט זיך באַוויזן דער שניי.

ווײ, ווײ,
ווי זיי האָבן אויסגעזען!

און עס איז געווען,
אַז אינעם שניי
זײַנען זיי
ווײַטער געגאַנגען
ביז זיי זײַנען דערגאַנגען
אין זייער שווערן וואָגל
צום שטעכיקן האָגל,
וואָס האָט זיך אויף ווינטן געטריבן.
געווען צײַטן, ווען ביי זיי איז געבליבן,
כאָטש נעם און צי זיך אויס.
אָבער עס לאָזט זיך נישט אויס
אָטאָ די מעשה נאָך.
זיי טראָגן אויך איצט דעם יאָך,
און זיי וועלן אים טראָגן, און טראָגן!

נישט איינמאָל וועלן זיי זיך נאָך שלאָגן
אָנטקעגן דעם שטעכיקן האָגל,
אין זייער שווערן וואָגל,
ווי זיי האָבן זיך געשלאָגן מיטן רעגן
איבער די וועגן,
און ווי זיי האָבן זיך געשלאָגן מיטן שניי.

ווײ, ווײ,
ווי זיי קוקן איצט אויס!
אָפּט דאַכט זיך שוין אויס,
אַז אָט, אָט,
אָבער עקשנותדיק איז דער טראָט
אינעם מוראדיקן וואָגל
דורך רעגן און שניי און דורך האָגל
אונטער אַלעאַרליי יאָכן, —
ווי זאָגט שלום עליכם? — דער עיקר בטחון!

# אויפֿן טויט פֿון מײַן ברודער א. ל. אָווענטאַל

די שטילע, פֿאַלנדיקע טרער
איז דאָס שווערסטע געווער
קעגן זיך אַליין.
ווערסט אין אייגענעם געוויין
פֿאַרזינקען,
פֿאַרטרינקען
נישט צו זען, נישט צו הערן.
שווימסט אינעם ים פֿון טרערן,
און שטרעקן זיך אין צאַפּלדיק געוויין
דײַנע הענט, ווײַסן זיי אַליין
דאָך נישט צו וועמען.

פֿון הײַנט אָן וועט שוין דער פֿאַסטוך פֿאַרנעמען
אַזוי טרויעריק די טשערעדע פֿון פֿעלד.
אויף דער שוועל פֿון זײַן געצעלט
וועט ער שוין זיצן אין די אָונטן אַ שטילער,
און וועט ער אַמאָל אויף זײַן פּײַפֿל אַ בלאָז טאָן, וועט אַזאַ קילער,
און מיט אַזוי פֿיל פּײַן
דער טאָן שוין זײַן,
און מיט אַזאַ טרויער וועט ער אויף געמיטער זיך לייגן,
ווײַל וואָס געוועזן איז אים נאָענט און אייגן,
האָט ווי אַ פֿאַלנדיקער שטערן זיך צעצונדן,
און איז אין דער אייביקייט פֿאַרשוואונדן.

די אייביקייט!
ווי גוט, וואָס עס איז נישט ווײַט
דער וועג צו איר
טיר!

די טיר צו דער ערד!
זעט, זעט, ווי זי געבערט
אַ ווערעמל, אַ רעטעכל, אַ זאַנג און אַ בלימל,
אַמאָל אויך אַ חלום צום הימל,
וואָס לייזט זיך אויף אין מיטן וועג,
און לאָזט אַזאַ טרויער פאַר די נעכט און טעג.

פון אויגנגעוויין ווערט אַמאָל גרינגער,
אָבער, ווען עס וויינען דיינע פינגער?
אָט וויינען מיינע אַזוי ביטער איצט!
ערגעצוואו שטייט אַ מצבה־קריצער און קריצט
אויף אַ שטיין אַ וואַזאַנעלע, אַ שטיבעלע! —
מיין ברודער איז קיין שיפּע־זיבעלע
דאָך נישט געווען.
ער האָט די וועלט געזען,
און זי באַנומען.
און ווען דער טויט איז געקומען
אַזוי פּלוצלונג צוגיין,
האָט מיין ברודער מיט נעגל און ציין
זיך אין דעם לעבן געקלאַמערט.

די האַמערס פון אונדזער לעבן זיינען צעהאַמערט, —
חורבות מוזן זיך צעשטויבן,
אָבער נייע געביידעס מוזן זיך דערהויבן,
און מיין ברודער געווען איז פון מיר יינגער!
פון אויגנגעוויין ווערט אַמאָל גרינגער,
אָבער ווען עס וויינט אויף דיר די הויט?

ער האָט געדאַרפט ברויט
פאַר זיין ווייב און קינד,
האָט ער דערפאַר, ווי אַ ווינט,
מיט אַ באַרשט אין די הענט
זיך געיאָגט איבער פאַרראַסטעטע ווענט,
כאָטש די וועלט האָט ער טיפער געזען
דורך זיין פען!

אַ גאָט, פֿאַר װעלכע זינד
איז זײַן יונג קינד
אָן דעם טאַטן געבליבן?
אין די הייליקע ספֿרים שטייט געשריבן
אַזוי, און אַזוי, און אַזוי,
אָבער זײַן יונגע פֿרוי? —
זי וועט איצט לייענען פּאַפּירלעך פֿאַרשריבענע
פֿון איר מאַנס כּתבֿים פֿאַרבליבענע,
און דערבײַ װײנען פֿאַר זיך.

מײַן מאַמע וועט אויסטאָן די שיך,
ווי איר מאַן, דער גרייז־גרויער זקן,
און בײדע וועלן זיצן אויף דער ערד אין די זאָקן,
און דעם מוזיקער באַוויינען, באַקלאָגן, —
אַ גאָט, וואָס פֿאַר אַ טרייסט־וואָרט קאָן איך זיי זאָגן?

# אַ חלום

ווען איך האָב דיך דערזען אַזאַ צעהעלטן,
האָסטו מיך מיט דיין לויטערקייט דערמאָנט
דאָס ליכט פון יענע וועלטן,
וואָס איך האָב בלויז געאַנט,
אָבער נישט געזען.

איז דאָס אַ חלום בלויז געווען? —
אַ חלום, און דאָס גאָר?
אויב יאָ, איז ער געווען רעאַלער פון דער וואָר!

אַזאַ גילדנקייט אויף דיינע האָר!
אַזאַ פרידן אין דיין בליק!
האָסט אויסגעזען גליקלעכער פון גליק,
און אַזוי שיין.
עס האָבן מיינע הענט
זיך אַ צי געטאָן צו דיר פון זיך אַליין,
ווי עס ציט מיין לעבן זיך צום בלענד
פון דער אויפגייענדיקער זון.

אָבער פאַרוואָס האָסטו געשמייכלט דערפון
וואָס מיין האַרץ האָט אַזוי צו וויסן געגאַרט?
שלעכטער, וואָס דו ביסט, וואָס האָט דיך געאַרט
צו אַנטפּלעקן פאַר מיר דעם סוד
פון גאָט?

האָסט אים אָבער נישט אַנטפּלעקט.
האָסט בלויז אויפגעוועקט
אַזאַ ציטערדיקן דראַנג
אין מיין געמיט,
ווי ווייבנעדיק געזאַנג
פון אַן אומעטיק ליד.

# בײַם אָפּשײַן פֿונעם ליכט

ווי אומעטיק עס קוקט אַ קבר אויס אַן אַ צודעק פֿון אַ בלימל, —
אַזאַ דערמאָנט דיך אין אַ קאָפּ געבויגענעם פֿון אַן אָפּגעגנאַרטן.
אַ בערגל ערד, אַ נאַקעטס קוקט פֿאַרשטאַרט צום הימל, —
אַ צווײַגל אָפּגעבראָכנס פֿון אַ בוים, אַן אײַנגעדאַרטן.

עס פֿאַלט פֿון אונדזער גוף געפֿײַניקטן אַן אבר נאָך אַן אבר,
באַלד, באַלד, און אויס וועט זײַן מיט אונדזער גוף אינגאַנצן.
קומט, קומט, און לאָמיר אַלע אונדזער יעדן נײַעם קבר
באַפּוצן און באַבערגלען מיט קאָלירנדיקע בלומענקראַנצן.

ווי, ווי, — עס רײַסן צופֿיל קברים אויף בײַ אונדז די רידלען, —
ערשט נעכטן פֿאַר אַ וועקער, און הײַנט שוין פֿאַר אַ זינגער!
זאָל אונדזער טרויער־מאַרש זיך ציען פֿון די קלאָגנדיקע פֿידלען
כּל־זמן עס דינען נאָך בײַ אונדז, געבליבענע, די פֿינגער.

צוזאַמען מיטן ליכט שלאָגט אויך אַ רויך פֿון יעדן שײַטער, —
געשטיקט האָט אונדז דער רויך, געוואָרעמט האָבן דאָך די פֿלאַמען!
קומט, קומט, און לאָמיר מיטן אָפּשײַן פֿונעם ליכט זיך ציען ווײַטער,
און לאָמיר שטיקנדיקן רויך צעווייען אויף די וויסטע ים׳ען!

אַ רויך צעגייט זיך, — צעפֿאַלט זיך אין דער לופֿט פֿאַנאַנדער,
נאָר אָפּשײַן פֿון אַ פֿלאַם בלײַבט איביק, איביק איבער!
מיר דאַרפֿן איצט דאָך יעדעס ביסל ליכט אין אונדזער וואַנדער
ווײַל קליין און אײַנגעשרימפּן ווערט בײַ אונדז דער ציבור!

די בין פאַרגיטיקט פאַר איר ביס מיטן האָניק מיט דעם זיסן,
ווייל אָט אַזוי איז זי, די בין, באַשאַפן דאָך געוואָרן!
גיי האָב פאַראיבל אויף אַ כוואַליע, וואָס האָט אויפגעריסן
אַ בריק פאַר דיינע טריט אין איר בלינדן, ברוויזנדיקן צאָרן!

און האָט דאָס ווי געטאָן איז איצט פאַראיבער און פאַרגאַנגען! —
זעט, זעט, — עס פאַלט פון אונדזער גוף אַן אבר נאָך אַן אבר, —
פאַרשטומט האָט נעכטן דאָ אַ גלאָק און היינט אַ טאָן אין אונדזערע געזאַנגען,
און לערער ווערט דער בית־המדרש דאָ פון אונדזער שם־ועבר!

# אַ מעשה

אַמאָל און אַמאָל איז אַ מעשה געווען, —
די מעשה איז אמתדיק און שיין.
און אַקוראַט, ווי אַזוי דאָס איז געשען
איז אויסגעקריצט אויף אַ שטיין

לייען איבער,
מיין ליבער,
און דערצייל זי איבער,
און איבער
אויף אַלע געמאַרקן,
ווען זי שטאַרקן
די הערצער פון מענטשן,
און זיי וועלן אָנהייבן בענטשן
צווישן זיך אַ מזומן,
און זיי וועלן אויסלאָזן מיט אמן ואמן.

אַ שאָף האָט אויפן פעלד אַ וואָלף דערזען,
און איז געבליבן רואיק שטיין.
עס איז אָונט דעמאָלט געווען,
דער הימל בלוי און ריין,
און די לבנה, אַז זי האָט דאָס דערזען
איז זי געוואָרן אַזוי העל דערפון,
ממש, ווי די זון.

די שאָף האָט צום וואָלף געזאָגט: — געבען,
מיין לעבן איז סיווי פאַר צייך,
אָבער דער וואָלף האָט געענטפערט: ביין,
און געפרעגט צי מען האָט זיין ווייבל געזען.

דעמאָלט האָט דער הימל אַ שמייכל געטאָן,
און אַ שטערנדל האָט זיך קינדיש צעקוועלט, —
אַ ליכטיקע פרידנס־פאָן
פון גאָר אַ נייער וועלט
האָט זיך צעוויִעט און צעהעלט.
פאַר יעדער ראַסע, פאַלק און קאָליר,
און אויך פאַר דיר,
און פאַר מיר.

אָט אַזוי איז דאָס געווען,
אָט אַזוי איז דאָס געשען,
די שאָף האָט געזאָגט: — געגען,
ווייל מיין לעבן איז סיי־ווי פאַר ציין,
אָבער דער וואָלף האָט געענטפערט: — ניין,
און געוואַרט ביז זיין ווייבל איז געקומען צו גיין,
און אים אַ טעפּעלע קאַשע געבראַכט.
גלויבט דאָס יאָ, אָדער גלויבט דאָס נישט,
עס איז איצט צוועלף ביי דער נאַכט,
און כאָטש איך פיל זיך אָפּגעפרישט,
איז סיי־ווי צייט שוין שלאָפן צו גיין, —
דער הימל קוקט אַזוי ריין
אַריין איצט דורך מיין שויב, —
די לבנה, — אַ זילבערנע טויב
שווימט רואיק, פאַרטראַכט, —
האָט מיר אַלע אַ גוטע נאַכט!

# דײַן גלױבן

ראובן זאַלצמאַנ׳ען

אַ געלײַטערטער געדאַנק
איז אין זײַן גאַנג
אַ לױטער געזאַנג.
מען װעט אים נישט פֿאַרטױבן,
און פֿאַרשטילן.

דײַן גלױבן
דרײט אױף מילן
די פֿליגל,
צעעפֿנט שלעסער און ריגל
אױף פֿאַרשלאָסענע טירן,
און װאָגנס פֿירן
פֿולע זעק מיט מעל.

און װען דעם קינד אױף אַ שװעל
װערט גוט דערפֿון,
װאָס עס שײַנט די זון,
און אַ פֿױגל זינגט אױף אַ בױם
אַ פֿרײלעכן ציף־ציף,
איז דאָס, װי אַ טרױם
װאָלט געפֿאָרן אױף אַ צעלױכטענער שיף
צו דעם לאַנד פֿון דער װאָר.

היינט זיינען דיינע פופציק יאָר,
וואָס דו האָסט אָפּגעגעבן
פאַר אָט אַזאַ מין לעבן,
געווען אין מיין געדאַנק,
און אַזאַ העל געזאַנג,
ווי עס זינגען צייטיקע זאַנגען,
איז אויפגעגאַנגען
פון מיר
צו דיר.

# דער אַלטער מקונן

געקומען איז דער אַלטער מקונן
צו דער שוועל פון מיין טיר
און זיך צעוויינט איבער מיר,
אלמאי די גאָלדענע קרוינען
זיינען מער שוין נישטאָ, נישטאָ.

געווען איז נאָכטיק די שעה
און ער מיט טרעריקע אויגן, ווי אָפענע וואונדן
האָט שרפות געצונדן
איבער מיר אויפן לייב
—ביסט אַ שרייבער, טאָ שרייב
מיטן בלוט, וואָס אין דיר
און נישט מיט קיין טינט אויף פּאַפּיר!

מיין בלוט?
נו גוט, —
איך וועל פּרובירן דערמיט.
נאָר איז דען דאָס ליד
נישט דער שליח דערפון,
ווי דער שטראַל פון דער זון
איז שליח פון איר?

אַנטקעגן וואָס דערצייל איך דאָס דיר?
אַנטקעגן דעם טינט, וואָס איז שוואַרץ,
נאָר דורך וועלכן עס איז שטענדיק צערעדט
דאָס בלוט און דאָס האַרץ
פון פּאָעט.

א יאָ, דער מקונן,
וואָס שטייט ביי דער שוועל פון מיין טיר, —
נו זאָל ער זיך אויסוויינען דאָס האַרץ איצט פאַר מיר
אויף די גילדענע קרוינען,

וואָס זיינען פאַרשוואונדן אונטער זיין באַרד.
ער מיינט דאָך נישט די קרוינען, — ער מיינט בלויז דאָס וואָרט
פון פּאָעט וועגן זיי.
ער איז דאָך אַלץ נאָך פאַרליבט אין גראַציעזן געדריי
פון דעם אַלטן קאַדריל.
ער האָט איינגעזאַפּט אין זיך דעם שפּיל פּאָרן שפּיל,
איז דאָס געוואָרן זיין ציל.
און פאָדערט ער בלוט,
איז דאָס נישט קיין רוט
אַנטקעגן דעם שונא,
נאָר בלוט פאַר עפּעס אַ קעניקס אַ זונה, —
כאָטש טונק איין די פּען אין דעם אייגענעם בלוט און שרייב איר אַן אָדע,
ווי געוועזן איז די מאָדע
אין דער צייט, וואָס ער האָט אַזוי ליב.

— פאַרגיב,
וואָס איך דערצייל דיר דאָס אַלץ.
איך וויס, אַז נישט דאָס איז די זאַלץ
פון דעם, וואָס סיי דיר און סיי מיר גייט איצט דאָ אָן.
אַנשטאָט דער קריי פון אַ האָן,
וועט אַ קלינג פון אַ וועק־זייגער באַלד טאָן דיך אַ וועק
און דו וועסט זיך אין איילעניש יאָגן אין וועג
אַהין, אַהין,
אַוואו עס וואַרט פאַר דיינע הענט אַ מאַשין,
נאָר אַזאַ מין, ווי איך,
וואָס וואַכט אָפּ מיט זיך
אַ נאַכט גאַנץ אַליין,
הערט אָפטמאָל דאָס קומען צוגיין
פון אַזאַ, ווי אָט דער מקובן,
וואָס וויינט אויף די גילדענע קרוינען,
אַלמאַי זיי זיינען שוין מער דאָ נישטאָ.

ווי גוט, וואָס די שעה
הייבט אָן ווערן שוין העל.
די זון אויף מיין שוועל

זאָגט גוטמאָרגן צו מיר.
— גוטמאָרגן אויך דיר!

אָט לײען איך איצט, וואָס געשריבן
האָבן דורך דער נאַכט מײַנע הענט,
דער קאַיאַר מיט זײַן זוניקן בלענד
האָט פון מײַן שוועל דעם מקונן פאַרטריבן
צוריק אין מײַן אַלטן אַרכיוו.
דער זײגער ווײַזט שוין האַלב־זיבן,
דער פּאָטשט־טרעגער פּײַפט! איך וואַרט אויף מײַן מאַמעס אַ בריוו.
זי וועט שרײַבן, ווי שטענדיק מיט איר קרומען כתב־יד.
אַז מײַן שוועסטערס קו האָט „באַכאַשעם״ אַ קעלבל געהאַט,
און אַז זי פאַרגיסט פיל טרערן,
אַלמאַי איך לאָז פון זיך אַזוי לאַנג נישט הערן,
זי וועט פרעגן, צי בין איך געזונט און צי בין איך אַ ערלעכער ייִד?
איך וועל איר שיקן אַ פּאָר דאָלאַר אויף פּסח און אַ ליד
וועגן דער ערלעכקייט, וואָס איז איצט אין מיר
און מײַן וואָרט דורכן טינט וועט אויפלײַכטן פאַר איר,
ווי עס לײַכט דורך מײַן שויב דער צעהעלטער קאַיאַר.

ווי גוט, וואָס אויף מײַן שוועל איז נישטאָ
שוין מער דער אַלטער מקונן, —
נאָ דיר גאָר בענקשאַפט נאָך עפּעס גאָלדענע קרוינען!

# ראַנדעוואו

דאָס בלוט איז הויך צערעדט,
און זינגט מיט גליעקע באַגערן.
היינט אָוונט וועט
אַ דלילה שערן
פון אַ שמשונען די האָר.
דאָס גרויע פון דער וואָר
וועט פאַר מאַן און פרוי
ווערן פאַרחלומט בלוי, —
עס וועט מיט בורשטין
די לופט ארום זיי ווייך און דין
זיך וויגן
ביים באַגעגענען
און אויפנעמען אַ ניגון
ביים געזעגענען
פון בענטשונג און פון דאַנק.

נאָר איצט איז יעדע רגע אַזוי לאַנג! —
פאַרוואָס ציט זיך אַזוי דער נאָכמיטיק?
ווי אַ פערד אויף זאַמד ציט די צייט,
כאָטש אַזוי צוויטיק,
און פאַרשייט
קוקט דער טעפּיך פונעם דיל,
און פון דער וואַנט איר בילד!

אַ האַרץ, זיי שטיל,
קלאַפּ נישט אַזוי ווילד!
אָט וועט מען בעסער הערן,
ווי שטופנווייז די רגע׳ס שווינדן,
און איינע די אַנדערע פאַרצערן,

כדי גיכער צו פֿאַרבינדן
אים מיט יענער שעה, —
מיט יענער מינוט,
אויף וועלכער עס וואַרט אָט־דאָ
אזוי זיין אומגעדולדיק בלוט.

דער זייגער שלאָגט ערשט: פיר, —
אַ לאַנגע צייט צו וואַרטן נאָך אויף איר!

#ביים צונויפלייגן די זאַנגען

מאַניע קליינבערג'ן

היינט איז מיין פרימאָרגן, ווי פייער אויף קין, —
מיינע פלאַמען ווייסן וואוהין
זיך צו ציען, —
זע, זע, ווי עס גליען
מיט ליכט מיינע אויגן
ביים צונויף לייגן אין סטויגן
מיינע זאַנגען.

די זון איז העל אויפגעגאַנגען, —
איך זוך, און געפין!
נעכטן בין איך געווען, ווי אַ שפין,
וואָס שלינגט די אייגענע געוועבן,
כדי זיי מאָרגן ווייטער צו שפינען.
איך האָב אויפגעהויבן ברוכוואַרג פון לעבן
פון אונטער רואינען,
און נישט געוואוסט, וואָס צו טאָן מיט דעם צעטראָטענעם,
מיט דעם צעשאָטענעם
אין מיין טרויער.

איך בין געשטאַנען ביי אַ טויער
אַ צוגעמאַכטן,
און עס זיינען אויפגעגאַנגען פאַרנאַכטן
פון מיין וואָרט,
און היינט, —

זעט, זעט, ווי דאָס אָרט
איז צעשײַנט,
און צעבליט.

זינגט, זינגט מיט מיר דאָס ליד
צום פֿרימאָרגן, דעם צעשטראַלטן, —
צום טויער אויפֿגעפּראַלטן!

זינגט, זינגט מיט מיר דאָס געזאַנג
צום עקשנות'דיקן גאַנג,
וואָס דערגייט
צו פֿרייד!

# ווער?

ווער איז דער גייער אויף זיכערן וועג?
ביימער צעפֿאַלן אונטער ציין פֿון דער זעג!
גייער געגאַנגען,
געגאַנגען,
געגאַנגען,
און נאָך נישט דערגאַנגען!

ווער איז דער רייטער אויף זיכערן פֿערד?
אונטער די טריט איז נישט זיכער די ערד!
רייטער געריטן,
געריטן,
געריטן,
און ער האַלט אין דער מיטן!

ווער איז דער שיפֿער אויף זיכערער שיף?
טיף און קאַפּריזנע איז ימיקער טיף!
שיף האָט געשיפֿט זיך,
געשיפֿט זיך,
געשיפֿט זיך,
און נאָך נישט דערשיפֿט זיך!

ווער איז דער קאַרליק און ווער איז דער ריז?
ביידעמענס בלוט אויף דעם שפּיץ פֿון דער שפּיז!
שפּיז האָט געשטאָכן,
געשטאָכן,
געשטאָכן,
און האָט זיך צעבראָכן!

אָבער ווער איז דאָס ווער, וואָס באַוועגט נישט די הענט,
ווען עס פלאַקערט און עס ברענט
אין פאַרצערנדיק פייער
דער דאַך פון זיין שייער ?
דער וועמען אייגנס איז טייער,
דער וואַרפט זיך אין פייער !

## ווייסט דער גוטער יאָר וואוהין!

אַלע בענקען מיר אַט דאָ
בלויז נאָך דעם, וואָס איז נישטאָ.

וואָס איז דאָ איז נישט, איז נישט,
און וואָס איז דאָרט דערפרישט.

מענטש אין טומל בענקט נאָך רו,
וואָס געפינט זיך ערגעצוואו.

מענטש אויף שטילן שפיץ פון באַרג
בענקט צום טומל אויפן מאַרק.

גראָז צו זון און זון צו גראָז, —
בענקשאַפט איבעם ווינטל־בלאָז.

קאָפּ צום גלעט און גלעט צום קאָפּ
הויכקייט בענקט צו דעם אַראָפּ.

און די נידער צו דער הויך, —
בענקשאַפט אין דעם קוימענרויך.

שמעטערלינג פון אָרט צו אָרט,
דיכטער פון אַ וואָרט צו וואָרט.

טעג צו נעכט און נעכט צו טעג, —
בענקשאַפט איז אַ ווינט אין וועג.

אַט אַהער און אַט אַהין,
ווייסט דער גוטער יאָר וואוהין!

פליט און פליט אָן זין, אָן ציל,
ווייסט נישט קיינמאָל, וואָס זי וויל.

הויבט זיך אויף און פאַלט אַראָפּ,
און צעבלוטיקט זיך דעם קאָפּ.

און אַ צעבלוטיקטע פון דאָרט
טראָגט זי זיך פון אָרט צו אָרט.

# ביים אָרון פון אַ חבר

אויפן טויט פון חיים שאַפּירא

לעבן וועמען נאָך, ווי געוועזן ביסטו,
קאָן אַ דיכטערס האַרץ געפינען רו ?
און וויפל זיינען נאָך אַזעלכע געבליבן ?
פאַר דיר האָט משה לייב זיין ליד געשריבן,
ווייל דו האָסט דאָס דערהערט.

איצט בייזערט זיך דיין מאַמע אויף דער ערד
אַלמאַי זי עפנט אויף פאַר דיר דאָס בעט,
וואו עס שלאָפט שוין לאַנג דיין חבר, דער פּאָעט,
און הינטער דיר, ביי דיין צוקאָפּנס
ציט שטיל דיין זון פון פּיאַנאָ־ביינדלעך טראָפּנס
בעטכאָוועניש טרויער.

גייען די טראָפּנס אַזעלכע ציטערדיקע אויף צום טויער
פון דער אייביקייט, —
זיינען זיי די טרויעריקע פרייד,
וואָס געוועזן ביסטו מיט אונדז די פופציק יאָר, —
זיינען זיי דער צער פון דער וואָר,
וואָס ווערט איצט טרוים צוריק.
זיינען זיי די שטאַנגען
פון דער בריק,
וואָס פירן מיט געזאַנגען
דאָס לעבן מיטן טויט צונויף.
און ביסטו נישט דער באַרג אַרויף
צו שיינקייט,
צו ריינקייט
מיט וועלכע די מענטשן
וועלן זיך בענטשן ?
הער, הער, די אייביק־גייענדיקע טריט, —

אזא מין טראָט
איז דאָך ליד
פון גאָט, —
פון רו און שײן,
און דו װעסט אײביק זײן, —
אָט שטײ איך בײ דײן אָרון,
און נישט קײן צאָרן
איז דאָס איצט, װאָס איך פיל,
נאָר רו,
אזוי װי דו.

# משה לייב, — אונדזער ברויזיקסטער זינגער!

און אַז מען פאַרטראַכט זיך וועגן דיר, משה לייב, משה לייב!
אָט ערשט האָסט דער ים אַזוי שטורעמדיק געוויטערט,
און דו, ווי אין שטייג הינטער גראַטעס, אַ צעצאַרנטער לייב
האָסט אומגעשפּאַנט אין אומרו מיט דער גריוזע צעציטערט.

אַ משה לייב, משה לייב, — עס לעבט נאָך דיין זאַרכי דאַ־הי, —
נישט איין מאָל, טרעף איך אים אויף די ברעג־ים׳עשע זאַמדן!
די זון גייט נאָך אַלץ אויף איבער אים מיט דעם זעלביקן גלי,
און ער איז פאַרטיפט אין דעם גלי, ווי אין דער גמרא דער למדן.

צען יאָר פאַרגאַנגען, — האָסט אַזוי פיל פאַרזאַמט,
נישט לייכט זיינען די יאָרן פאַר אונדז דאַ פאַרגאַנגען!
עס הענגען די וואָלקנס אויף דער איצטיקער שעה,
נאָך שווערער, געדיכטער, ווי זיי זיינען געהאַנגען.

די ערד איז צעצונדן, אונדזער הימל צעברענט,
מיר טרעטן נאָך אַלץ דאָ אויף זשאַריקע שטיינער,
און דו ביסט נישטאָ מיט דיינע מעכטיקע הענט,
וואָס אַזוינע פאַרמאָגט ביי אונדז דאָך נישט קיינער.

דער חושך גייט אויף פון דעם פינצטערסטן טאָל
דער ליכטיקסטן באַרג צו פאַרטונקלען, באַזיגן,
און דו ביסט נישטאָ מיט דיין מעכטיקן קול
די שווערקייט אין דער לופט אַרום אונדז צו צעוויגן.

עס פעלט אונדז דיין קול, — דיין שטורעמדיק ליד,
וואָס האָט ווי אַ ווינט אונדזערע זעגלען געטריבן.
נאָר וואָס געצייכנט האָסטו מיט דיינע מעכטיקע טריט
איז טיף אין אונדזער לעבן דעם שווערן געבליבן!

צען יאָר שוין פֿאַרגאַנגען, — האָסט אזוי פיל פֿאַרזאַמט,
אַ משה לייב, משה לייב, — אונדזער ברוזיקסטער זינגער!
מיר קניען נאָך איצט ביי דיין בערגעלע זאַמד,
און גלעטן דאָס צערטלעך מיט אונדזערע פינגער!

און גלעטנדיק, ווערט אונדזער בענקשאַפט געגלעט,
כאָטש רואיקער וויל אָלץ דאָס האַרץ דאָך נישט ווערן! —
צו טראַכטן, אַז דו ביסט געווען אַ ייד, אַ פּאָעט,
ווערט גרינגער צו גיין אויפֿן וועג, אונדזער שווערן!

# מחילה

ווערטער וואַקסן אויס אין מיר,
און רעדן שטיל צו דיר, —
ווער דו זאָלסט נישט זיין!

צי שטילסטו דיין דורשט מיט ווין,
צי ביסטו הונגעריק נאָך ברויט,
צי דו ראַנגלסט זיך מיטן טויט,
אָדער דו ביסט מיט לעבן אָנגעפילט,
איז מיין וואָרט צו דיר געצילט!

אָבער נישט שטענדיק גרייכט מיין וואָרט
צו יענעם אָנגעצייכנטן אָרט,
וואוהין עס איז געצילט.
עס טרעפט, עס איז איינגעהילט
אין טונקעלע וואָלן,
און עס איז נישטאָ קיין בעלן
אויפצונעמען דאָס,
צעצאַפּלט זיך עס דעמאָלט, ווי אַ גראָז
פון גאָפּלס ציינער נישט דערכאַפּט, —
עס בלאָנדזשעט אום און טאַפּט
בלינדערהייט פאַר זיך אַ וועג
דורך נעכט און טעג,
און אַז עס געפינט אַלץ נישט,
קומט עס אויסגעמאַטערט און צעמישט
צוריק צו מיר, —
קלאַפּט אין מיין טיר,
און בעט:
— פאָעט,
מען האָט מיך נישט באַנומען!

הײנט פרי איז אַט אַזאַ געקומען
נישט דערזען און נישט דערהערט,
בין איך פאַר דעם געפאַלן צו דער ערד
אין שטילער, צאַפלדיקער תפילה,
געבעטן האָב איך ביי מײן וואָרט מחילה.

# ווי בלעטער צעשאָטענע

אַלע שבת־ליכט צאַנקען און גייען אויס
אין זייער חרובדיקן הויז.
אַזאַ טרויער
ביי זייער טויער,
אַז עס איז פשוט נישט כדאי
אים פאַרביי
צו גיין.

פאַר הינטישע, שטשירבנדיקע ציין,
וואָס זוכן דיינע טריט
זינגט מען נישט קיין ליד, —
אַזוינער נעמט בלויז דאָס געבאָט
פון קנאַפּלדיקן טראָט.

גיב וויין
צו אַ שוויין,
וואָס קאָן פאַמויניצעס בלויז זשלאָקען,
און ער וועט כרוקען און כראָקען
און פאַרדרייען מיט דער נאָז.

אַזוינעם לאָז
אין אומרייניקייט פון קאַנאַל,
און נישט צעפּראַל
פאַר אים קיין טירן,
וואָס פירן איבער ריינער שוועל, —

אַזוינער וועט דאָך מאַכן אַ וויסטן תל
פון אַלצדינג מיט די ברודנע קלאָען.

שווערע זיינען איצט די שעה'ען, —
דאָס לעבן אונדזערס איז אין קלעם פון הארטן שרויף!
נאָר אַז מען קוקט אַרויף
דערזעט מען צווישן כמאַרעס אויך אַמאָל די זון!
איז וואָס זשע איז געדרונגען דערפון?
עס איז געדרונגען, אַז אויף מיין וועג
זע איך אויך די האַק, די זעג,
וואָס צעהאַקט, צעזעגט מיין שטאַם, —
איך זע דעם פלאַם,
וואָס ברענט, פאַרברענט
אונדזערע ווענט,
אונדזער פונדאַמענט, —
די גאַנצע שטוב!

איך זע די גרוב
פון אונדזער גרויסן קבר,
און עס ווייַנט אין מיר דאָך יעדער אבר!
נאָר וואָס זשע דען?
עס איז געשען,
אַז איך האָב דערזען
אַן אָאַזיס ביי דעם האָריזאָנט, —
דער וועג איז קלאָר, — ער איז באַקאַנט, —
און דאָרטן וועט דאָך אונדזער בוים זיך נאָכאַמאָל באַצווייגן!

נאָר גיי דערצייל די געגנדז אין שטייגן
פון פליגלען, וואָס פליען צו די הימלען,
אַז זיי איז גוט צו דרימלען,
און זיך די פעדערן צו לויזן.
גיי גיב די רויטסטע רויזן
צו בלינדע פאַר קאָלירן.
גיי גיב דעם פאַרפיומירסטן דופט
צו נעז, וואָס קאָנען מער נישט שפירן
די פרישקייט פון דער לופט.

אַ שטורעם טראָגט,
און שלאָגט
פון אַלע זייטן,
אָבער פון דער ווייטן
זעט זיך דער אָזיס אויסגעשפּרייט.
אַז וואויל איז דעם, וואָס גייט,
און וועט דערגיין אַהין, —
פאַר אים דאָס גאָלד און גרין
פון אַרבעט און געדייען,
פאַר אים אַ מאָרגן זיך צו פרייען.
און ווער עס זעט דאָס נישט איז בלינד,
און ווער עס הערט דאָס נישט איז ווינט,
וואָס בושעוועט און שטערט
דאָס לעבן אונדזערס אויף דער ערד, —
אַזוינע זיינען ליכט פאַרלאָשענע,
וואָס טשאַדען מיט אַ רויך אַ שווערן, —
אַזוינע זיינען אויסגעדראָשענע,
וואָס מען דאַרף פאַרקערן,
ווי בלעטער צעשאָטענע,
צעטראָטענע!

# שלום עליכם, מיכאעלס און פּעפּער

ווי וואונדערלעך עס גייט פּאַר ליד אויף איצט די שורה, —
עס איז, ווי זי וואָלט זיך אַליין אין וועג אַריין געטריבן,
כדי צו ברענגען פּאַר יעדערן און אומעטום די בשורה,
אַז אונדזער איינזאַמקייט פאַרגייט און ווערט צעטריבן.

מיר זיינען נישט אַליין, — מיר האָבן הייסע און געטרייע ברידער.
אַט קומען זיי איצט אַן דורך שווערן וועג און דורך סכנות, —
קומט, לאָמיר זיי אַנטקעגן גיין מיט אויפגעברויזטע לידער!
קומט, לאָמיר זיי אַנטקעגן גיין מיט פריידן און מיט מתנות,
ווייל וואונדערלעכע האָפענונג ברענגען זיי אונדז פון די וועגן, —
קומט, לאָמיר אַלע איצט מיט ליבשאַפט אַרויסגיין זיי אַנטקעגן!

ברכים הבאים, און דעם הייסטן, הייסטן שלום עליכם, —
איר זענט אונדז די טייערסטע און אַנגעלייגסטע געסט!
זאָל אייער קומען זיין דער אָנהייב פון המשכים
מיט וואַרעמקייט פון זון אויף די קעלטן פון די פרעסט,
וואָס האָלטן אונדז געפאַנגען און פרירן אונדז אָן אויפהער.
הערט, הערט ווי אונדזער אויפגעוואַכטער שופר
זאָגט אָן די גוטע בשורה איבער אַלע, אַלע גאַסן,
אַז געקומען זיינען געסט פון יענעם לאַנד, וואו פעלקער, ראַסן
פון אַלע מינים אַרבעטן און לעבן דאָרט אינאיינעם,
ווי גוטע, האַרציקע און געטרייע שכנים.
זעט, זעט, — עס ווערט איצט יענע טיר אָן אויפגעריגלטע, —
אַזעלכע אַנגעלייגטע געסט האָבן זיך ביי אונדז באַוויזן.
אויך מיר זיינען אין דעם זעלבן קאַמף פאַרוויקלטע, —
מיר גייען אויף ווי אויפגעוואַכטע אַנגעשטאַלטע ריזן,
און ברעכן דורך די דיקסטע ווענט, די דראָטנדיקע צאַמען.
דער שונא ציטערט, — ער ברעקלט זיך אויף שטיק פאַנאַנדער
פון אונדזער כוח אויף דער ערד, אין לופט און אויף די ימען.
פון איין זייט סערפּ און האַמער, — די שטערן און די שטרייפן אויף אַן אַנדער,
נאָרביידע מיטן זעלבן כוח און ביידע מיטן זעלבן ווילן
צו אָנגעצייכנטע און גוט פּלאַנירטע צילן.

דער ציל, — די סוואַסטיקא אָפּצומעקן און פאַרמעקן און פאַרווישן,
און אויפצוהענגען איבער דייטשלאַנד די פאָן פון ברידער!
דער ציל, — אַ נייע בלאַט אין אונדזער לעבן אויפצומישן,
און אויפצוהייבן די דערשלאָגענע פון דער נידער!

דער ציל, — די ליבשאַפט און פאַרשטענדלעכקייט צווישן מענטשן, —
צו עסן ביי איין גרויסן טיש און צוזאַמען בענטשן,
וואָס האָט די ווערט פון אַלעמען געבענטשט צו ווערן.
דער ציל, — זיך מער פון קיינעם נישט צו לאָזן שערן
די הויט פון לייב, ווייל יענער האָט אין האַנט אַ שער
און מיר אויף זיך דאָס ביסל הויט און גאַרנישט מער.

שלום עליכם דיר אונדזער וואונדערלעכער מיכאָעלס,
און דיר אויך אונדזער העל־זינגנדיקער איציק!
אויף פליגל שנעלערע, ווי דעם מלאך רפואלס
זענט איר צו אונדז געקומען. גיך און בליציק
האָבן זיי געבראַכט אייך צו אונדזערע ברעגן.
זעט, זעט, מיט וויפיל ליבשאַפט מיר גייען אייך אַנטקעגן, —
מיר גריסן דורך אייך ביידן, — דעם קינסטלער, דעם פּאָעט,
דאָס ליכטיקע און גרויסע לאַנד וואָס איר פאַרטרעט.
זעט, זעט, — עס קומען זיך צונויף די פראַנטן,
און עס גריסן האָריזאָנטן, זיך מיט האָריזאָנטן!

# אויפן טויט פון ד״ר חיים זשיטלאָווסקי

ווי אַן אָדלער האָסטו דיין באַרג־שפּיץ פאַרלאָזט, און אָנשטאָט זיך וועגדן
אַלץ העכער און העכער צו אויסטערלישע, נייערע בלענדן,
ווי עס איז די טבע פון אָדלערישע, מעכטיקע פליגל,
האָסטו געניִדערט אין טאָל און ביי אונדזער קינדערשן וויגל
אַ ליכטיקן, באַרגיקן ניגון פאַרצויגן.
מיר האָבן צעעפנט פאַרגאַפטע די אויגן
צו דיר, אונדזער נייע צעלויכטענע מתנה,
און דורך דיר דערזען די זון, די לבנה,
און לויטערע, פינקלדיקע שטערן.
מיר האָבן פלוצלינג אָנגעהויבן צו הערן, דערהערן,
און נייע באַגריפן
פון הויכן און טיפן
האָבן מיר פאַרנומען.

ווי אַ מעטעאָר ביסטו צופליען געקומען
פון באַרג־שפּיץ צום טאָליקן נידער,
און מיטגעבראַכט מיט זיך דעם עכאָ פון באַרגיקע לידער
אויף אַזאַ וואונדערלעכן און אַזאַ פשוטן יידיש, —
דעם גאַנצן טאָל אויף צום חידוש,
און דורך זיי געלערנט אונדז צו קלעטערן
דורך אַלערליי וועטערן
פון אונדזערע טאָליקע מערק
צו די לויטערע שיינקייטן אויף די שפּיצן פון די בערג.

ווער נאָך אַזוי ווי דו האָט אונדזער יידישן לעבן
אַזאַ דערהויבונג געגעבן, —
אַזוי פיל מענטשלעכע חשיבות ! —
סיידן די רבא׳ס, אביי׳ס, יוחנן׳ס, עקיבא׳ס,
מענדעלע, שלום עליכם און פּרץ.

דו, דער גרויסער דרך ארץ
פון אונדזער לשון־יידיש!
דו, אונדזער וואונדערלעכסטער חידוש!
דו, אונדזער ווייַן פאַר שבת־יום־טובדיקן קידוש,
און אונדזער וואָכנדיקער הבדלה! —
„אל מלא...״
רחום־וחנון, —
אונדזער געטרייער היטער, וואָס איז אויף דער וואַך געשטאַנען
איז פאַר אונדזערע אויגן געפאַלן.

איצט וויינען די שטראַלן
פון אונדזער זון אַזוי ביטער.
נישטאָ מער אונדזער היטער, —
דער באַרגיקער ניגון
איז אַנטשוויגן
געוואָרן.
און בלויז אין זכרון
ציטערט ער אויף.
מיר קוקן אַרויף
אַזוי בענקנדיק שטום,
און מיר זוכן דיך אום
מיט אויגן צעצונדענע
צווישן די פאַרשוואונדענע,
וואָס זיינען דאָך נישט פאַרשוואונדן, —
אַ ליכט אַזוי העל אָנגעצונדן,
וואָס ברענט און דערברענט
לאָזט איבער נאָך זיך אַן אייביקן בלענד,
און דאָך אַזאַ נייעם, —
אַ חיים!

# אין אייביקן געוועב

דער נעכטן, — ערשט געברענט דאָ, ווי אַ קנויט,
איז איצט אַן אויסגעלאָשענער, נאָר נישט פאַרצערט.
דער היינט איז אין זיין מלחמה מיט דער נויט
צעאַקערט מיט דעם נעכטן אַרום זיך די ערד.

די וואָל, — ערשט נעכטן אָפּגעשוירן פון דער שאָף
איז היינט פאַרוועבט שוין אין די שטאָפן, —
עס רייסט דער נעכטן זיך צו רו און שלאָף,
און ווערט געשטערט פון היינט צו שלאָפן.

דער נעכטן, — אַן אויסגעלייגטער פונדאַמענט,
דער היינט, — אַ שאַרף און ספּריטנע העקל, —
אַט שטיי איך און איך בוי מיט דעם די ווענט,
איך קלאַפּ מיט דעם אַ טשוועקל נאָך אַ טשוועקל.

דער נעכטן, — מיד איז ער פון זיין געיעג,
און שלאָפן וואָלט געוועזן פאַר אים דאָך ליבער,
נאָר מיר? — מיר פּאַקן אויס דאָ זיין געפּעק,
און פילן אַן מיט דעם ביי אונדז די שטיבער.

און דאָס געפּעק, — דאָס איז דאָך ער, —
עס לעבט אין דעם זיין גאַנצער ווילן.
ער איז אין אונדזער נאָדל, אין דער שער,
ער איז אין ראָד, וואָס טרייבט פאַר אונדז די מילן.

איך פיל אים אין דעם האַמער, אין דער זעג,
אין גראָז פאַר קי, אין די קרויט פאַר האָזן, —
אַ דאַנק אים פאַר דעם גרויס פאַרמעג,
וואָס ער האָט אונדז אָט דאָ געלאָזן.

דער היינט איז אָנגעפילט מיט נעכטן,
און מאָרגן וועט דער היינט אַ נעכטן זיין, —
שעה'ען וועבן זיך, פאַרוועבן זיך און פלעכטן
איינע אין די אַנדערע אויף אייביק זיך אַריין.

עס עסט די שפין דאָס אייגענע געוועב,
כדי דערנאָך מיט דעם אויפסניי צו וועבן, —
עס קאָכט און זידט אין אַלע, אַלע טעפּ,
אַ גרויס געמיש פון טויט און לעבן!

# באַגער

איך האָב אַזוי דורשטיק אַרײַנגעזויגן
דעם שײַן פון דײַנע פאַרטראַכטע אויגן,
כאָטש געקוקט האָבן זײ נישט אויף מיר.
עס איז אויפגעגאַנגען פון דיר
דער ריח פון גרינס, —
אַ האַרעלע, אַ דינס
האָט געציטערט אויף דײַן שטערן,
און געלאָזט עפּעס הערן,
עס איז אויפגעגאַנגען
מיט שטילע געזאַנגען,
וואָס מען הערט נאָר אין טרוים.
עס געדענקט זיך מיר קוים,
צי דו האָסט אַפילו מיך
באַמערקט לעבן זיך,
אָבער אויב עמיצער טוט אויס די שיך
פאַר דעם ליכט פון דער שכינה,
האָב איך זײ אויסגעטאָן פאַר דײַנע אַ מינע.

# אין אַ גוטער שעה

אַזוי פּלוצלונג און אַזוי אומגעריכט
האָט אַ שעמערירנדיק פּאַסיקל ליכט
אָנגעזאָגט דיין קומען צו מיין טיר.
איך האָב זיך שוין מייאש געווען אין דיר,
און אויף דיין קומען מער נישט געוואַרט.
אַ בוים שוין איינגעדאַרט,
אַז זי בליט אויף נישט דערוואַרטערהייט
בלייבט שטיין פאַר איר אייגענער פרייד
אין צעציטערטער בושה.
זע, זע, עס קומט אַ ליכטיקע ירושה,
וואָס וועט פאַרנעמען מיין אָרט.

דין, דין זשע מיך מיין וואָרט,
אַז איך זאָל מיט דיר באַגעגענען דעם גאַסט!
אויף אַ רוקן אַן עלטערן איז שווערלעך די לאַסט, —
בפרט פאַר אַזוינעם, וואָס האָט זיך שוין אויף אָפּרו געגרייט,
אָבער אַ גאַסט ווי דו, איז דאָך זינגענדיקע פרייד
פון אַן אויפגעבליטער, דופטנדיקער קוויט.
נו, וועלן דיך שוין איצט צערטלען מיינע פינגער,
און דער אַלטער, פאַרמאַטערטער זינגער,
וואָס האָט שוין אָנגעהויבן זינגען דאָס געזאַנג
צו דער שיינקייט פון דעם זונפאַרגאַנג
וועט אויפזינגען אויפדאָסניי ווידער און ווידער
זיינע יוגנטלעכע לידער
צו דיר.

דו דורך מיר,
און מיר ביידע צוזאַמען
צו דיין וואונדערלעכער מאַמען,
און זי וועט האָבן אַזוי פיל נחת דערפון.
ביסטו אַ זון?
צי אַ טעכטערל גאָר?
וואָס דו זאָלסט נישט זיין
ביסטו די פאַרוואַנדלטע וואָר
פון אַ וואונדערלעכן טרוים,
על גלייבט זיך קוים,
אַז אָט, אָט, און דו ביסט מיט מיר דאָ, —
זאָל זיין אין אַ גוטער שעה!

# האָפענונג

יאַנקל בױמאַנ'ען

די איצטיקע טעג און נעכט זײנען פאַרבלוטיקטע,
נאָר אונדזערע טריט אין זײ זײנען געמוטיקטע,
און זײ גײען פאַראױס נישט קײן װאַקלדיקע.
יעדע שעה אונדזערע איז אַ סך־הכלדיקע,
און יעדע רגע ציט אונדזער חשבון אונטער,
און יעדער אונטערצי איז רױט, װי צונטער.

אַ רױטער חשבון מיט ציפערן גענױע און קלאָרע,
און יעדער ציפער איז א קױל אין דער עבודה־זרה
צו װעלכער מען צװינגט אונדז צו דינען.
די צײט איז נישט װײט, װען אין רױאינען
װעלן זיך װאַלגערן אונדזערע באַצװינגער,
און די לופט װעט װערן לױטערער, גרינגער.

און דעמאָלט? אָ, דעמאָלט װעט מען דערצײלן
פאַר אונדזערע קינדער מעשות פון טונקעלע הײלן
פון װעלכע די רציחה האָט רציחהדיק געלױערט.
די קינדערישע פּנימער װעלן הערן פאַרטרױערט
אַטאָ דאָס, װאָס האָט אַמאָל און אַמאָל געטראָפן,
אַטאָ דאָס, װאָס איז אַמאָל און אַמאָל פאַרלאָפן.

די איצטיקע טעג און נעכט צעפּײניקטע
װעלן געבערן גאָר אַנדערע, — צעװײניקטע,
און באַטעמטע װעלן זײ שױמען פון די בעכער.
די רציחה װעט זײן פאַרשטעקט אין די לעכער,
און די לעכער פאַרשטאָפּטע, פאַרריגלטע,
אױף אײביק און אײביק פאַרזיגלטע.

# מיר נעמען דיך איבער, חבר אַלגין !

מיר זײַנען נאָכגעגאַנגען גאַס אויס און גאַס אײַן נאָך דײַן אָרון,
און געטראָגן אין זיך די ירושה, וואָס האָסט אונדז געלאָזן.
דער אָרון פאַרשוואונדן, — ער איז נעלם געוואָרן,
ווי דער ווינט וואָלט אים ערגעץ פאַרבלאָזן,
אָבער די ירושה איז געבליבן אין אונדזערע געמיטער,
זי איז אונדזער שטענדיקער ציטער,
זי איז דאָס געוויטער,
דער שטורעם,
און אויך אונדזער טורעם,
וואָס מיר בויען מיט אונדזערע עקשנותדיקע הענט.
די זון איז צעבלענדט,
און צעבלענדטע אויך מיר,
אָבער ווער האָט צעעפנט די טיר
פאַר אונדז צו דער זון ?

ווען מיר טראַכטן דערפון
וואַקסטו אויס פאַר אונדז אַזאַ ליבער.
זע, זע, מיר נעמען דיך איבער,
און אויך מיר צעעפענען טירן
צו די וואונדערלעכסטע קאָלירן,
און מענטשן טוען אויס פאַר זיי די שיך,
ווײַל זיי דערזעען אויך דיך !

**ב.**

דער טויט האָט אײַנגעשלעפּערט דאָס האַרץ פונעם ריז,
ווײַל אויך אַ ריזנהאַרץ ווערט מיד פון שטענדיקע שלאַכטן !
אָבער פאַרוואָס שטייט נאָך אַלץ דער שונא מיט זײַן שפּיז
ביי דעם אָרון, דעם צוגעמאַכטן,
וואו עס שלאָפט דעם אייביקן שלאָף שוין דער גוף ?
עס איז די מורא פאַר דעם מעכטיקן, ליכטיקן רוף,
וואָס דו האָסט גערופן דורך יאָרן, און יאָרן.

הער, הער, — ער איז פונעם צוגעמאַכטן אָרון
נאָך איצט שטאַרקער געוואָרן!

ג.

זע, זע, — עס ווערט איצט אַפילו די שנאה צו דיר אויף פאַרוואַנדלט
אין טיפן יראת הכבוד פאַר דיין ליכטיק געשטאַלט.
מיט דער שנאה צו דיר ווערן איצט באַשטראַלט
אויך זיי, וואָס האָבן, ווי סוחרים געהאַנדלט
מיט דיין איין און זעכציק יאָריקן לעבן,
וואָס האָט זיך שטענדיק אָפּגעגעבן
די קייטן אויף פאַרשקלאַפטע צו צעררייסן.

אויף אַ פלינקן פערד, אַ ווייסן
איז געריטן איבער לענדער נאַפּאָלעאָן,
און מיט דער שאַרף פון זיין שווערד
האָט ער אויסגעטאָן און אָנגעטאָן
אַ קרוין נאָך אַ קרוין אויף דער ערד,
אָבער וואָס פאַר אַ ווערט האָט אַ נאַפּאָלעאָן
אַנטקעגן דיר, וואָס האָסט אונטער אַרבעטער־פאָן
געוואָרפן דיין לעבן אין קאָן
פאַר דער באַפרייאונג פון פעלקער און ראַסן,
פאַר דער אָפּשאַפונג פון קלאַסן?
אָ, וואָלסטו געקאָנט זען איצט די מאַסן! —
זיי צינדן זייערע הערצער, ווי פאַקלען איצט אָן
אין דיין ליכט, — דיר לזכרון.
דיין שיין איז די פאָן,
וואָס פאַרדעקט איצט דיין אָרון.
דיין שווייגן רעדט איצט אַזוי הויך,
ווי עס רעדט דורך פייער און רויך
אַ דונערדיקער צעציטער.

אַ אַלגין, — אונדזער געפאַלענער ריטער,
ביסט נישט טויט, נישט טויט, —
דאָס רויט
פון דיין בלוט
איז די פייערדיקסטע רוט

אין אונדזערע הענט,
דער בלענד פון דיין וואָרט
איז צעברענט, —
ער באַקט דאָך דאָס ברויט, און דעם טאָרט
פון וועלכן מיר ווערן גענערט.

איצט ביסטו נאָך שטאַרקער דערהערט,
כאָטש דער טויט האָט דיין מויל צוגעמאַכט.
דו ביסט דער פאַקל אין אונדזער נאַכט,
וואָס שיינט אַזוי צעגליט, —
דו ביסט דער כוח אין אונדזערע טריט,
וואָס פאָלגן נאָך דיין ליכטיקן גאַנג,
דו ביסט דאָס געזאַנג
פון די קומענדיקע טעג.
נישטאָ אַזאַ זעג,
וואָס זאָל דיך אָפּזעגן פון אונדזער לעבן
צו וועלכן דו האָסט זיך אָפּגעגעבן
פאַר אַ קרבן.

דו ביסט נישט געשטאָרבן,
אָ טייערער חבר!
נישט אין שטיק זשאַווער
ווערסטו נאָך איבערגליען.
נישט אין האַרץ וועט זיך נאָך צעגליען
פון דיין וואָרט, וואָס איז מיט אונדז געבליבן.
דיין לעבן איז מיט פייער פאַרשריבן,
דיינע פיילן געצילטע זיינען נאָך אַלץ אין געפלי, —
איך בויג מיינע קני,
אין שטילן ציטערדיקן ציטער
פאַר דיר דעם אַרבעטער־ריטער,
און אין צאַפּעלדיקן פיבער
זיינען מיינע ליפּן צעמורמלט: ליבער, אָ ליבער,
דו קוקסט דורך דיין טויט צו אונדז נאָך העלער אַריבער
מיר נעמען דיך איבער!

# אין זכות פון דיין צוטרוי

אין זכות פון דיין צוטרוי און לויטערן גלויבן,
ווער איך אויסגעוואַקסן און דערהויבן
אין מיינע אייגענע אויגן.
דו ביסט דער רעגנבויגן
איבער מיין צעבויטעטן ים.
דו ביסט אין מיין מדבר די לאַם
מיט די צוטרוילעכע אויגן, —
אין דיין זכות וועל איך פון דעם פלאַם
פאַרהיטן אונדזערע סטויגן.

אין זכות פון דיין גלויביקן בליק
קריג איך פרישע כחות אין זיך
נישט צו גיין אויף צוריק.
איך צי אַרונטער מיינע שיך
פאַר דער גלויביקייט אין דיר.
דו ביסט די אָפענע טיר
צו דער לויטערקייט פון אונדזער מאַרגן.
אין דיר איז פאַרבאָרגן
מיין שטייגנדיקער כוח.
דו ביסט קרישטאָלענער מוח,
און דאָס האַרץ פון דער מענטשהייט ביסטו.

הער, הער, וויפל רו
עס גייט אויף פון מיר,
ווען איך רעדט צו דיר,
ווען איך טראַכט פון דיר,
ווען איך זינגט צו דיר!

# ווי מיר פונעם שייטער

דאָס האַרץ איז צעציטערט,
ווייל שווער און צעוויטערט
אַרום אונדז דאָס לעבן.
זעט, זעט, ווי עס שוועבן
די ראָבן אין נידער, —
אוי, שוועסטער! אוי, ברידער!

דער חורבן פון הינטן,
פאָראויס זיינען ווינטן
און חושך פון אויבן, —
אָ הייליקער גלויבן
נישט צאַפּל, נישט ציטער
אין אָט דעם געוויטער.

מיר דאַרפן דיך, דאַרפן!
הער, הער, ווי די האַרפן, —
זיי ווילן נאָך שפּילן!
זע, זע, ווי די מילן
אין אונדזערע טאָלן, —
זיי ווילן נאָך מאָלן!

און וועט נישט געלינגען,
נו וועלן מיר זינגען
ביים קבר צוזאַמען.
געדענקסטו די פלאַמען
אויף אונדזערע זיידעס
פון שייטערס? עקדות?

דאָס ליד פון די לידער!
אוי, שוועסטער! אוי ברידער, —
מיר אַלע אינאיינעם!
אין הימל, דעם ריינעם
איז קיינער נישט קיינער
פון אונדז דאָרטן ריינער!

געלייטערט, גערייניקט, —
מיר אַלע פאַראייניקט,
דורך שווערע יסורים!
נישטאָ אַזאַ טורעם,
וואָס שיינט נאָך אַלץ ווייטער,
ווי מיר פונעם שייטער!

# אומעט שווערער, לאָז מיך אָפּ!

אומעט שווערער, לאָז מיך אָפּ, לאָז מיך אָפּ!
נישטאָ קיין צייט מיט דיר זיך צו שפּילן!
זע, זע, ווי קעגן זיין ווילן
פאַלט אַ שטערן אַראָפּ,
און אַזוי פיל שטראַלן
ווערן צעפאַלן!

אומעט שווערער מיט די אויגן פאַרטרוימטע!
אונדזערע שעה׳ן זיינען אַזעלכע צעשוימטע,
און צעוויגטע!
אַזוי פיל פעלקער באַזיגטע
פון חיהעשע ציין און נעגל,
איז ווער זשע איז דאָס דער ייד מיטן העקל און זעגל,
וואָס זעגט און שלאָגט צענויף אָט דעם פּאַלאַץ אויף חידוש?
פעלט טאָקע מער גאַרנישט אונדזערע טאַטעס און קינדער,
ווי נאָר, אַ ביכל אויף יידיש?
יעקב, אונדזער טאַטע, האָט געהאַט שאָף און רינדער, —
אַזוי שטייט בפירוש אין חומש געשריבן,
און דער חומש וועט דאָך קיין ליגן נישט זאָגן!
אָבער די ירושה, וואָס איז פאַר אונדז געבליבן
איז נישט מער, ווי די פויסט אל־חטא זיך צו שלאָגן
פאַר זינד, וואָס נישט מיר זיינען באַגאַנגען!
יוסף, ווען די ברידער האָבן געפאַנגען,
און אים אין אַ גרוב געוואָרפן מיט עקדישן און שלאַנגען,
איז דערנאָך געוואָרן אַ שני־למלך,
אָבער אונדז, זיינע קינדער, איז נישט פריילעך
פון אָט דער מעשה, דער שיינער.

זע, ווי יעדער איינער
שעלט דעם אַנדערן
אין אונדזער וואַנדערן.

און דאָך גייט מען ווייטער און ווייטער
נישט איינמאָל טרעפט מען זיך ביי אַ צעלויכטענעם שייטער,
און דעמאָלט צעגלאַנצן זיך אונדזערע העק און די זעגן,
דערציילנדיק פון חורבות אויף אונדזערע וועגן,
וואָס וואַרטן אויף אויפבוי דורך אונדזערע הענט.
איצט איז דער שייטער צעבלענד,
די פּנימער צעברייט,
די הערצער צעגליט, —
איז לאָמיר שוועסטער און ברידער
איצט אויפזינגען לידער
פון אויפבוי און ווילן
צו צילן!
צו צילן!
און מיט קיין אומעט זיך נישט שפּילן!

# עס זיינען הונגעריק די ציגן

איך האָב אַזוי נישט ליב
אין וויגשטול זיך צו וויגן,
און אויפן רוקן צו ליגן
האָב איך אויך נישט ליב, —
עס זיינען הונגעריק די ציגן.

פרעמד איז מיר דער ניגון,
וואָס ציט זיך בלויז טריב, —
פאַרגיב זשע מיר, פאַרגיב,
איך וועל זיך נישט קריגן, —
עס זיינען הונגעריק די ציגן.

הער, הער, ווי אין מיל די זיפּ, —
זי האַלט זיך אין איין וויגן!
זע, זע, — בוריקעס און ריב
מוזן ערגעצוואו דאָך ליגן, —
עס זיינען הונגעריק די ציגן!

# דער גלויביקער, דער האָפנדיקער

אַזוי פיל שיין
אין זיין פּייך,
אַז זי בלענדט אַזש, ווי פרייד.
זעט, זעט, ווי ער גייט
מיט זיין געפּעק
אויפן וועג,
און טרעפט ער אַ ישוב
דאָ און דאָרט,
גייט אויף, ווי אַ כישוף
זיין וואָרט.
די ווערטער באַטראַכטע און קילע,
אָבער יעדעס וואָרט איז אַ תּפילה,
וואָס טראָגט אים אַליין אין דער הויך.
אָט ערשט, דאַכט זיך, רויך,
און אָט שוין אַ פלאַם!
אָט ערשט, דאַכט זיך, אַ צאַם
פון שטעכיקע דראָטן
צווישן שטאַם און אַ שטאַם,
און ווער עס איז אים איבערגעטראָטן
איז צו דער ערד אַ פאַרוואונדעטער געפאַלן,
און פלוצלונג נעמען זיי זיך פאַנאַנדער פראַלן,
און עס דערזעען אַלעמענס אויגן,
אַז די שיינקייט פון אַ רעגנבויגן
איז נישט נאָר אין זיין יעדן קאָליר באַזונדער,
נאָר וואונדער איבער וואונדער, —

ווי שיין עס האַרמאָנירן
צוזאַמען אַלע קאָלירן!
זיין קול איז אַזוי העל,
ווי אַ ליכטיק קינד אויף אַ שוועל
פון אַ פרידלעך געצעלט אין אַ פרימאָרגן,
און ווילט איר זעען זיין פּנים, איז דאָס נישט פאַרבאָרגן, —
עס איז אין אונדזערע פריידן, אין אונדזערע זאָרגן!

ער שפּרייט
די פרייד
איבער אונדזער טרויער,
ווי אַ צוריקגעקערטער גאַסט צו אייגענעם טויער,
ער איז דאָס ליכט אויף אונדזער שויב, —
ער איז די טויב
די ווייסע, —
די לויטערע מעשה
מיט דעם גליקלעכן סוף,
דער שיינער חלום אין אונדזער שלאָף,
דער שטורעמדיקער וועקער,
דער בשורהדיקער קלאַנג פון גלעקער,
די טרייב־קראַפט, ווען מיר הייבן זיך אויף, —
ער איז אונדזער באַרג־אַרויף!

ב.

— ציל! ציל!
יעדער וויל
צום ציל!
— אָבער ציל צו ציל איז נישט גלייך!
איינער וויל אַ גאַנצע קעניגרייך
פאַר זיך אַליין,
כאָטש זיינע פאַלשע ציין
קאָנען נישט איינבייסן די אייגענע ליפּ.
איז גיב אים נאָר און גיב!
אַ צווייטער וויל בלויז, וואָס ער באַדאַרף
און ווערט אונטער מעסערדישן שאַרף
נישט איין מאָל איבער דעם צעשניטן,

אַ דריטער פלאַנטערט זיך אין מיטן,
און ווייסט נישט וואו איין, און וואו אויס,
פאַר אַ פערטן איז רעכט די אײדלסטע רויז
צו פאַרוואַנדלען אין אַ דאָרן,
אַבי זיין צאָרן
זאָל צעמאָלן דאָס לעבן, ווי עס מאָלט דער שטיין אין מיל,
ווייל דער צאָרן אַליין איז זיין ציל!

ג.

אַזוי רעדט אַמאָל אויך אָט דער גלויביקער, דער האָפנדיקער
מיט אַ האַרץ, אַ צעבריטס און אַ ציטערדיקן אָרעם,
אָבער אַפילו, ווען דער ווינט איז אַ צפונדיקער,
איז ער אַליין אַ ווינטעלע פון דרום,
וואָס גלעט אונדז אַלעמען אויף אונדזער וועג!
נישט איין מאָל איז ער די שאַרפסטע זעג,
וואָס זעגט אָפּ דאָס ווילדעניש אין אונדזער וואַלד,
נישט איין מאָל איז ער דער האַמער, וואָס פאַלט
אויף אַלצדינג, וואָס צעפוילט איז און שטערט,
און דאָך איז ער די זריע אויף אונדזער ערד
דער אויפגעריסענער, דער צעאַקערטער!
און דאָך איז ער שייטער, דער צעפלאַקערטער,
וואָס באַלייכט און ווייזט אָן, —
ער איז אונדזער פאָן!

ד.

אונדזער לעבן פון היינט איז צעוויטיקט און קראַנק!
אונדזער וועג ציט זיך געדרייט, ווי אַ שלאַנג
דורך גאַסן און מערק,
דורך טאָלן און בערג, —
ער וואַרפט זיך אַריבער
דורך גריבער,
און גייט איבער
פון מדבר צו קעניגרייך!

יעדער לויפיקער טייך
ציט זיך צום ים
נישט גלאַט אַזוי סתּם, —
נאָר צו אַ געצייכנטן ציל!
אַז וואויל איז דעם, וואָס ווייסט, וואָס ער וויל,
און ווען עמעס ווילן עס איז די דערלייזונג פון דער וועלט, —
אַזעלכער איז שטענדיק צעהעלט,
און זיין וואָרט איז קלאָר,
ווי די וואָר.
אַזעלכער טראָגט אין זיין שליחות
דעם גרעסטן יחוס
פון דעם געלייטערטן מענטשן
מיט וועמען עס וועט, אונדזער ערד זיך נאָך בענטשן!

ה.

מיין געזאַנג צו דעם גלויביקן און האָפנדיקן, —
ער גייט אַנטקעגן דעם צפונדיקן
בייזן, צעשטורעמטן ווינט
מיטן גלויבן פון אַ קינד.
זעט, זעט, ווי אין זיינע אויגן
קאָלירט זיך דער רעגנבויגן,
און ער איז אינגאַנצן, ווי אַ פאַן,
יואָס זאָגט אַז, —
די דערלייזונג קומט אָן!

# נ ו י אָ ר ק

נויאָרק באַווייזט זיך, ווי זי איז
נישט פאַרשלייערט, נישט סימבאָליש, —
אַ ווינט אין ברויזנדיקן ריס,
אַ האַנט אַ שווערלעכע, מאַזאָליש.

דאָס שמאָלע געסל מיט דעם שאָטן,
די ברייטע עוועניו מיט ליכט, —
געביידעס איינע אין דער אַנדערער געראָטן,
נאָר זיי בייטן זיך דאָ אומגעריכט.

דאָס ליים, וואָס ווערט דאָ איצט געקנאָטן,
אויף וועגט וועט זיין דאָ אין אַ שעה,
די ערד אויף וואָס האָסט ערשט געטראָטן
איז מאָרגן אונטער דיר שוין מער נישטאָ.

וואו נעכטן שטח — היינט פאַבריקן,
אַ קלויסטער ווערט אַ קינאָ איבער נאַכט,
בלויז אייביק זיינען דאָ די בריקן,
ווי איבער זיי דער טאָג, די נאַכט.

נויאָרק באַווייזט זיך, ווי זי איז,
די פרייד — אַ יוגנטלעך צעשטראַלטע, —
די זאָרג — געבויגן שווערלעך אויף די פיס,
נאָרביידע זיינען טירן אויפגעפּראַלטע.

נויאָרק ציט ריטמיש הויך און העכער
איר שלאַנקן האַלדז, איר קוטשעראַוון קאָפּ,
קופּאָלן גליענדיקע, ווי זילבערדיקע בעכער
הענגען אין די הויכן מיט די דנאָס אַראָפּ.

כאַטש נעם און קער זיי איבער
און טרינק פון זיי דאָס לעבן פון דער שטאָט, —
נויאָרק אַ יונג צעוואַקסנדיקער גיבור,
וואָס שפּאַנט פאָראויס מיט ריטמענדיקן טראָט.

דעם גיבורס אָרעמס צו די הויכן
און מיט זיין טראָט אויף דעם אַספאַלט,
וואָס שווער איז אים איצט צו דערגרייכן,
וועט ער דערגרייכן עקשנותדיק און באַלד.

דער שאָטן אין דעם געסעלע, דעם שמאָלן
וועט פאַרוואַנדלען זיך אין העלן ליכט, —
דער גיבור האַלט אין האַנט די שאָלן
און גלייכט אויף זיי אויס דאָס געוויכט.

ווען שאָל מיט שאָל אין גלייכן ציטער,
פאַרשווינדן וועט די שווערע זאָרג, —
איך זע דעם מאָרגן — אַזאַ ליכטיקער, צעגליטער
איז ער צעשיינט אויף אונדזער שטאָט נויאָרק!

# גאָט און מענטש

פאַר גאָט אַזוי פיל קלויסטערס, שולן און מעטשעטן,
און פאַרן מענטשן אָפטמאָל נישט קיין דאַך אין קאַלטער נאַכט.
מיט וואָס וואָלט גאָט געקאָנט דעם מענטשן איבערבעטן,
ווען ער ווערט צו אַ מענטשלעכן געריכט געבראַכט.

באַשאַפענער טרעט אויף אַנטקעגן זיין באַשעפער!
באַשאַפענער רעדט קלאָרע רייד אין שאַרפן טאָן, —
אָ, ווער איז צווישן אונדז אַזאַ מין טרעפער
צו טרעפן וואָס סע וואָלט זיך דעמאָלט אָפגעטאָן!

וואָס וואָלט דען גאָט געהאַט אויף דעם צו זאָגן? —
אַ גאָרנישט וואָלט ער דאָך אויף דעם געזאָגט!
קאָן זיין, אַז ער וואָלט גאָר זיין קאָפּ גענומען שלאָגן
אין וואַנט פון אוניווערז און זיך צעקלאָגט.

— אַ שולדיקער בין איך אַנטקעגן מיינע קינדער, —
אַ שולדיקער אַנטקעגן אַלץ, וואָס אויף דער ערד!
— איך בין געווען אַ טויבער און אַ בלינדער, —
גאָרנישט נישט געזען און גאָרנישט נישט געהערט!

אַ ווײַנענדיקער גאָט וואָלט פאַר אונדז געזעסן, —
איר קאָנט זיך פאָרשטעלן אַ ווײַנענדיקן גאָט?
דער מענטש וואָלט אַלע עוולות באַלד פאַרגעסן,
און פאַרגעבן זיין באַשעפער מיט רחמים און גענאָד!

# קוני-אײַלאַנד

אויף אָטאָ דעם אינדזל
מאָלט דאָס לעבן מיט אַ פּינדזל
שרייענדיקע, ראַשיקע קאָלירן
און שטריכן.
אָפענע געשווירן,
שווערע געבריכן,
און זיגנעדיקע גלידער,
ווי לידער
אין אײן באַוועגלעכער מאָסע.
ראַסע מיט ראַסע
אין ברויזנדיק געפּלעכט
דורך נעכט
און דורך טעג,
און דער ים ביי דעם ברעג
צינגלט זיך,
שלינגלט זיך,
און ייִנגלט זיך:
און זעגט, ווי אַ זעג
ביי דעם ברעג:
— מע מעג!
— מע מעג!
— מע מעג!

ווייסע, שוואַרצע און ברוינע, —
סלאַווישער מאַרש און די „דווינע",
אינטערנאַציאָנאַל, התיקוה און דזשאַזיקער ברויז, —
אַלץ, אַלץ אינעם שויס
פון פאַרברודיקטע זאַמדן,
עם־האָרץ און למדן,
צנועה און זונה, —
אַלע, אַלע אַנטבלויזטע און ברוינע,
נאָרדישע, זידישע,
קריסטלעכע, יידישע
אויפגעבונדענע,
אַנגעצונדענע
אין דער זוניקער היץ, —
אַ קאַליריקע מיץ,
אַ דזשימדזשיקע טאַץ, —
עס האָט אין אַ פּאַיאַץ
די וועלט
זיך פאַרשטעלט,
און דער ים ביי דעם ברעג
זעגט, ווי אַ זעג:
— מע מעג!
— מע מעג!
— מע מעג!

ווילדע געמעלן?
אָבער דאָס געדריי פון די קאַרוזעלן
אַהין און צוריק
צו ליאַרעמדיקער מוזיק
איז לויט דער לעצטער טעכניק!
אַ פערד מיט אַ האָרן
מאָלט ווייץ דאָ און קאָרן,
און באַקט באַלד אַ לאָקשענעם קוגל פון דעם,
אַ הונט, — בעל־שם,
וואָס היילט מיטן קוק אויס אַ בלאַטער,

א באַמעסערטער טאַטער,
וואָס רעדט יידיש
אויף חידוש,
אַן עלעפאַנט, וואָס זאָגט דיר: גאָט־העלף,
אַ מיידעלע פון אַ יאָר צוועלף,
וואָס שלינגט שווערדן און שפּיזן,
אַ קאַרליק, וואָס באַזיגט דאָ אַ מנין מיט ריזן,
אַ מויד מיט אַן עק פון אַ פיש,
אַן אַלט־געבאַקענער קניש,
די גרויס, ווי אַ טיש.
אַ לחיים
פאַר אַ דאַיעם
מיט אַ צובייס פון געברוינטע קאַרטאָפּליעס.
פריילעכע האָפּליעס,
צעלאָזענע ווינטלעך,
הייסע, געבראָטענע הינטלעך
מיט מושטאַרדע באַשמירטע.
אָונט־צייט לעמפּלעך קאַלירטע
איבער דעכער
און העכער,
וואָס ווינטלען זיך,
און פינטלען זיך,
ווי פלאַמיקע קינדלעך.
טאַטעס און זינדלעך
און טעכטער און מאַמעס
אין לויזע פּאַדזשאַמעס
שרייען אויף אַלערליי קולות, —
ווי ליב, און ווי וואויל איז
דעם ים דאָ וואָס ווערט גאַרנישט מיד
צו זינגען זיין ליד
ביי דעם ברעג:
— מע מעג!
— מע מעג!
— מע מעג!

אויף אַטאַ דעם אינדזל שפּאַנט גאָט
מיט אַ דזשאַזיקן טראָט,
און די האָר נישט פאַרקעמט,
צעכראַסטעט זיין העמד,
די אַרבל איבער די עלנבויגן, —
אַמאָל און אַמאָל איז אַ פּאַווע געפלויגן,
און פאַרלוירן אַ גילדענעם פעדער, —
די מעשה ווייסט יעדער,
אָבער שטאָלענע שרויפן,
וואָס לויפן און לויפן,
און דרייען אייך
אין אַ קעניגרייך
פון מע טאָר,
און מע טאָרנישט,
פון וואָר,
און פון גאָרנישט,
פון אומזין און משוגעתן!

פעלקער און ראַסן
זינגען ברויזיקע לידער,
נאָך נאַקעטע גלידער
דעם חילוק פאַרווישן.
עס מישן זיך מישן
צעגאַסענע לייבער
פון עלטערע מענער און ווייבער,
און סע זינגען, ווי לידער
די בוגיקע גלידער
פון יינגלעך און מיידלעך צעבליטע,
צעגליטע.

אַמאָל און אַמאָל
ערגעצוואו אין אַ טאָל,
צי גאָר אויף אַ באַרג,
אָדער אפשר גאָר אויף אַ פערדישן קאַרק
האָט אַ קו אַן איי געלייגט,

און דערנאָך זיך פאַרנייגט
פאַר זיך אַליין.
אָטאָ די מעשה איז וואונדער־שיין,
אָבער וואָס פאַר אַ פאַרגלייך
איז זי מיט דער קעניגרייך
פון דעם פריילאַנד, —
קוני־איילאַנד,
וואו דער ים
צוליב פרייקייט מן־הסתם
צינגלט זיך,
שלינגלט זיך
און יינגלט זיך
צו אַלצדינג ביי דעם ברעג,
און זעגט, ווי אַ זעג:
— מע מעג!
— מע מעג!
— מע מעג!

# עס בענקט די צעלויכטענע רו

קאָן זיין, אז איך בין נישט ראוי צו דעם,
וואָס איך טו איצט טאָן ביי דיר בעטן, —
דאָך בעט איך, דאָס וואָרט מיינס פאַרנעם,
ווייל אין אָט דעם וואָרט מיינס צערעדטן
איז דאָ דאָס לויטערסטע אין מיר.

און וועסט פאַרנעמען דאָס וואָרט מיינס, זאָלסטו
מיט דעם זיך פאַרטראַכטן, פאַרקלערן, —
זע, זע, ווי מיין אומרו אין געיעג נאָך דער רו
קלאַפּט אָן און לאָזט פון זיך הערן
ביי יעדער פאַרשלאָסענער טיר.

עס בענקט די צעלויכטענע רו צו דעם שויס
פון אומרואיקע און פאַרהאָוועטע מענטשן,
נאָר זעלטן, ווען עמיצער האָט צייט אין זיין הויז
זיך צו זעצן ביים טיש און צו בענטשן
אַ מזומן צוזאַמען מיט איר.

דערפאַר אַזאַ אומרו אין מיינע אייליקע טריט, —
דער אומרו אין מיר איז פון רו דער פאַרטרעטער.
הער, הער, ווי דער אומרו אין מיינעם אַ ליד
איז שטענדיק פאַר דער רו דאָך דער בעטער,
וואָס שטייט אינעם דרויסן ביים טיר.

פּראַל, פּראַל זשע פאַר איר אויף דיין טיר אין דער ברייט, —
זי האָט פאַר דיר די שענצטע געשאַנקען.
עס איז דאָך אזוי פיל וואונדערלעכע פרייד,
ווען עס גייען אויף רואיקע געדאַנקען
אין דער טיפעניש פון דיר.

# דער עמפּײַער קופּאָל

די זאָרג
פון נױיאָרק
האָט געלײגט צוקאָפּנס איר מאָגערע האַנט
באַ דער װאַנט
פון דער עמפּײַער־געבײדע,
איז געקומען דער שױמער און געזאָגט צו איר: — הײדע,
שפּאַנען
פון דאַנען!

דעמאָלט האָט די זאָרג געטאָן אַ מאַך מיט דער האַנט
און זיך צעשפּאַנט
איבער דער נאַכטיקער גאַס.
מידע טריט האָבן אױפגעשלאָגן מיט האַס
און פאַרפּײַניקטע בליקן האָבן זיך געהױבן
צו די אומצײליקע שױבן
פון דער געבײדע הינטער װעלכע די װאָרעמקײט האָט געװאָרעמט
און זיך דערבאָרעמט
איבער אַזױפיל לײדיקן שטח.
— װער עס האָט פּלאָדן און װער נישט קײן רעטעך!
האָט די זאָרג
פון נױיאָרק
געברומט אױפן קול,
און אָפּן שפּיץ פון עמפּײַער, — דער קופּאָל
אין זײַן קאָליריקן שפּיל,

האָט דערמאָנט אָן אַ מיל,
וואָס מאָלט נישט קיין מעל,
האָט דערמאָנט אַ הויז אָן אַ שוועל,
אָן אַ טיר.
— פּאָעט, קום שפּאַצירן מיט מיר
צו דער עמפּייער־געביידע!
אַז וועסט דערהערן דעם שומר׳ס געשריי: — היידע,
שפּאַנען
פון דאַנען!
וועסטו אַליין ווערן אַ שטיק זאָרג
פון נויאָרק.

נאַכט און שפּעט.
עס קוקט דער פּאָעט
אויפן עמפּייער־קופּאָל,
וואָס שיינט איבער דער שטאָט, ווי אַ סימבאָל
און סימבאָלן לאָזן זיך טייטשן,
איצט פאָלן, ווי פייערדיקע בייטשן
זיינע קאָלירקע פּאַסן
איבער די נאַכטיקע גאַסן
פון נויאָרק,
וואו די זאָרג
האָט נישט קיין אָרט פאַרן פאַרפייניקטן קאָפּ,
אָבער עס מישט זיך דער לעפל אינעם מעכטיקן טאָפּ,
וואו עס קאָכט זיך איבער די וועלט אויף אַ נייער,
אַ פרייער.
און דעמאָלט?
אַ דעמאָלט!

די זאָרג
פון נויאָרק
איז איצט ביטער.
אָבער פון ביטערניש ווערט מען צעגליטער
און גלי איז פאַר אונדזער לעבן איצט נויטיק,
ווי זיף פאַרן וועש, וואָס איז קויטיק.

דער גלי וועט פײַער צופלאַמען
און פײַער וועט אַפּווישן צאַמען
און דעמאָלט?
אַ דעמאָלט!

דעמאָלט וועט דער עמפּײַער־קופּאָל
זײַן גאָר אַן אַנדער סימבאָל,
זײַנע קאָליריקע פּאָסן
וועלן איבער די נאַכטיקע גאָסן
זיך צעפּאָלן,
ווי שטראָלן.

# דאָס ליד פונעם פליכטלינג

גרויע, כמורנע וואָלקנס העגנען מיט שווערע וואָג, —
נו אַ טאָג! אוי, סאַראַ טאָג!
אָבער ווען דער אָוונט וועט זיך ווייזן
וועלן אַלע וואָלקנס דאָך פאַררייזן.
אָוונטיקער לאַמפּנשיין צעגליט, צעבלענדט,
און איך וועל גלעטן דיינע הענט.

וואָלקנדיקער טאָג — אַ שוויגער מיט פאַרכמורטער ברעמען
איז געקומען אונדזער שמחה צו פאַרשעמען.
זיצט די יונגע שנור פאַרטרערט, —
מילא, נו, מסתמא איז אַזוי באַשערט!

יאָ, באַשערט,
צי נישט באַשערט, —
אַ גלויב, — איך האָב גאַרנישט די ווערט
דיין וואָרטעניש ביים טיר
אויף מיר.

פרעג פאַרוואָס און פרעג פאַרוועו, —
וואָס אַזוינס האָסטו דערזען
אין אַ גאַרנישט, וואָס איך בין?
אַ גאַנצן טאָג אַהער, אַהין, —
משטיינס געזאָגט, וואָס איך פאַרדין!

וואָלקנס ציען זיך און ציען,
איך צי אויך מיט זיי.
אָבער אָוונט וועט זיך דאָך צעבליען
מיט אַ טישטוך ווייס, ווי שניי,
און אַ טעלערל פאַר צוויי.

אפשר וועלן קומען מענטשן, —
ליבע, גוטע שכנים,
וועלן מיר גאָר אַ מזומן בענטשן
ביי אונדזער טיש אינאיינעם.
און טאָמער נישט?
נו, דאַרף מען נישט!

נישט מער, אַז פאַראַן אַ ביסל גליק אין לעבן
ווילט זיך עמעצן אַ חלק געבן, —
מען זאָגט, אַז דער בעל־שם
האָט געזאָגט אַזוי־אַ וועגן דעם:

אָרעמקייט איז נישט קיין שאַנד,
אַבי אַ ווילִיקע די האַנט,
און דאָס האַרץ איז אויך דערביי, —
וואָס פאַר צוויי, וועט זיין פאַר דריי,
און אַז מען דאַרף, וועט זיין פאַר מער!

— העי, קונים, קומט אַהער!
— אַ מעסערל, אַ שערעלע,
— אַ הינטעלע, אַ בערעלע,
— צי אפשר גאָר
אַ קעמל פאַר די האָר?
— האָב איך אַזאַ יאָר,
סאָר אַ פיינע סחורה!
— איך בין אַ ייד דאָך, אַ בן־תורה,
געקומען אין דער פרעמד
ממש אָן אַ העמד
גאָר אויפן לייב,

און אין שטוב אַ ווייב
קוקט די אויגן אויס.
— יידן, קלייבט זיך אויס!
— אַ מעסערל, אַ שערעלע,
— אַ הינטעלע, אַ בערעלע

— צי אפשר בענדלעך פאַר די שיך?
נאָר יידן איילן זיך!
— טרייבט מען זיי מיט בייטשן,
ווי מען האָט געטריבן מיך?
— און זיינען דען דאָ דייטשן,
וואָס יאָגן,
שלאָגן,
און פאַרוואַנדלען אונדז אין הינט?
— נו, דאַנקען גאָט, — יאָ פאַרדינט, צי נישט פאַרדינט,
אַבי אַרום אונדז אַטאָ דאָ
איז קיין נאַצי־דייטש נישטאָ!

גרויע, כמורנע וואָלקנס הענגען מיט שווערער וואָג, —
נו אַ טאָג, אוי סאַר אַ טאָג!
אָבער ווען דער אָוונט וועט זיך ווייזן,
וועלן אַלע וואָלקנס דאָך פאַררייזן.
אָוונטיקער לאָמפּנשיין צעגליט, צעבלענדט,
און איך וויל גלעטן דיינע הענט.
געזאָגט האָט וועגן דעם
אַזוי אַ דער בעל־שם:
— אַן אָוונט מיט לבנה און מיט שטערן
וועקט אין האַרצן אויף באַגערן
נאָך פיל שענערע, ווי עס וועקט דער טאָג, —
ווי געפעלט דיך, ליבע, אַזאַ זאָג?

איז גוט, וואָס אָוונט איז שוין אויפן הימל, —
איז דאָס ברויט נישט מיט קיין קימל,
עסט מען דאָס אַזוי!
— גוט אָוונט דיר, מיין ליבע פרוי!

די וואָלקנס זיינען אַלץ נאָך נישט פאַרשוואונדן?
אַ דאַנק דיר, וואָס האָסט אָנגעצונדן
דאָס פייערל אויף אונדזער שטיקל קין, —
ווי גוט עס איז צו רוען לעבן דיר דאָ, ביים קאַמין!

# הללויה!

הללויה, זיי געגריסט און געגרויסט
אונדזער האַנט, אונדזער פויסט,
די געשטאַרקטע, צעביילטע!

הללויה צו די טריט, די צעאיילטע,
צו די וואַכיקע בליקן,
צו די ביקסן, וואָס שיקן
די קוילן צעקנאַלטע!

הללויה צו די אונדזערע זין, די צעשטראַלטע, —
די הערויעשע פעכטער,
און אויך צו אונדזערע טעכטער,
וואָס פאַלן,
ווי שטראַלן,
און שיינען אויף ווידער!

אַ שוועסטער און ברידער
ביי אַלע ברעגן פון ימ'ען און טייכן!
נישט געווען אייער גלייכן
אין אונדזער גאַנצער געשיכטע!
מיר שאַרן די וואַלקנס, די שווערע, געדיכטע,
פאַנאַנדער, פאַנאַנדער!

זעט, זעט, אונדזער אייבעקער וואַנדער
איז איצט דאָך אַ תיקון מתקן,
מיר גייען און האַקן, צעהאַקן
דעם חושך אויף שטיקער
אין דער איצטיקער גרויליקער שעה, —
הללויה! הללויה!

# ווער איז דער כישוף־מאַכער ?

נויאַרקער טורעמדיקע בריקן, —
אונטער זיי שיפן שפּייענדיק מיט רויכן,
און אַרום זיי רוישיקע פאַבריקן,
מיט דינע, שלאַנקע העלדזער צו די הויכן.

מיט אומרואיקע און פיבערדיקע בליקן
אַ צעשויבערטער און אַ ווילדער
הערט נישט אויף דער טאָג צו שיקן
איבער זיי זיין ווילד געפּילדער.

נאָר אין די גאָלדיק־לויטערע פאַרנאַכטן
שפּילט די זון זיך אום אויף די צעגליטע שפּיצן,
און צו דעם הימל, דעם פאַרטראַכטן
חנ׳דלען זיך די דראָטן מיט עלעקטרישע בליצן.

טויבן נעסטן זיך אויף די קאַרניזן,
און אייערלעך זיך דאַרטן וואַרעמען און בריען, —
ווער איז דער כישוף־מאַכער, וואָס האָט אַזוינס באַוויזן
אַריבער ברייטע טייכן זיי אַזוי פאַנאַנדערציען ?

דער כישוף־מאַכער איז דער מענטש געניטער, —
זיין מוח און זיין כוח און זיין ווילן.
דער מענטש, דער פשוטער, וואָס שפּאַנט אַזאַ צעגליטער,
און קאָן דעם ברויז צו בויאונג נישט פאַרשטילן.

זעט, זעט, — אַ טורעם פון אַ טורעם העכער,
באַלד, באַלד דעם הימל צו דערלאַנגען
די דראָטן און די שטאַנגען, ווי פעדערן אין פעכער,
און גרינג אַזוי, ווי אויף דער לופט געהאַנגען.

אָפּט דאַכט זיך האַרפּעס איבער טייכן אויסגעשפּרייטע,
און איבער זיי שפּילט לעבן אום מיט שווערע לאַסטן,
פון אַלע זייטן פּערספּעקטיוון, דערפרייטע,
ברומענדיקע שיפן מיט פאָנען אויף די מאַסטן.

ווער איז דער כישוף־מאַכער, וואָס האָט דאָס אַלץ באַוויזן, —
דער כישוף־מאַכער איז דער מענטש מיט די פאַרגאַפטע בליקן,
וואָס שטייט און קוקט אויף די טויבן אונטער די קאַרניזן,
און שלעפּט די פיס פאַרמאַטערטע איבער זיינע בריקן.

## ליכט־וואַקכאַנאַליע

פּאַסן קאָלירנדיק ליכט
בייסן זיך איינער אין צווייטן, —
פלוצלינג שלאָגט אויף אומגעריכט
אַ קרענצל קאָליריקע קוויטן.

עס טוט אַ צעשפּיל זיך אַ שטראַל,
באַלד אַ צווייטער, אַ דריטער! —
אַ קוויט צו אַ קוויט טוט אַ פאַל,
אוןביידע נאָך העלער צעבליטער.

אַ שטראַל, ווי אַ קוויט אויף אַ בייט,
און איבער אים אַ שטראַליקע כוואַליע, —
עס טענצלט דאָס ליכט אום פון פרייד, —
שיכור פון ליכט־וואַקכאַנאַליע!

# דער טורעם־בויער

עס שפּאַנט דורך דער שטילער, נאַכטיקער גאַס
אַ פֿאַרפֿײַניקטער דער טורעם־בויער,
זײַן יעדער טראָט הילכט אָפּ מיט האַס
בײַ יעדער צוגעמאַכטער טיר און טויער.

טורעמס געטורעמט און ער אָן אַ דאַך,
געזעץ לאָזט אים אין פּאַרק אויך נישט שלאָפֿן,
ער קוקט אויף די טורעמס, — זײ זײַנען אַ סך
און קיין אײנציקע טיר איז נישט אָפֿן.

טורעמס און טורעמס אַרויף אין דער הויך
און ער, ווי אַ הונט בײַ די שוועלן,
אין זײ, זײַנע יאָרן, זײַן כּוח, —
איצט וואָלט ער צעטרײסלען זײ װעלן.

טורעמס און טורעמס אין גאָלדענעם בלענד,
אײנער פֿאַרבלענדט דאָ דעם צווייטן, —
ער פֿילט, ווי זײַנע פֿיס, זײַנע הענט
זײַנען געשמידט אין אײַזערנע קייטן.

טורעמס און טורעמס אין גאָלדענעם גלי
שטראַלן אין ווײַטקייטן שיקן, —
יעדער שטראַל איז א שטריק, וואָס טוט זיך אַ צי
און וויל אים דערשטיקן.

טורעמס און טורעמס אין גאָלדענעם שײַן
אַלץ העכער און העכער און העכער, —
עמעצער זשליאָקעט זײַן בלוט איצט, ווי ווײַן
פֿון זילבערנע און גאָלדענע בעכער.

# אַ מעשה נורא

עס איז געווען עט־עט, בימי,
ווען קיין רעגן און שניי
זיינען מער נישט געפאַלן,
און די זוניקע שטראַלן
האָבן זיך מער נישט געשפּיגלט אויף דער ערד,
וויל פאַרצערט
איז זי געווען ביז אַרונטער.
נישט אויף און נישט אונטער
איז די זון מער געגאַנגען,
נאָר געהאַנגען
איז זי
מיט אַ גלי
פון אַ גאָלדענעם גולם.
דעמאָלט האָט דער רבונו של עולם
זיך פּלוצלינג געכאַפּט,
אַז זיין האַרץ קלאַפּט
מער נישט פאַר קיינעם
אויסער פאַר אים איינעם,
וואָרים אַז די ערד איז נישטאָ,
איז וואָס זשע איז דאָ?
גאָרנישט מיט גאָרנישט

אויף אַ האָר נישט!
סײַדן די מלאכים אין הימל!
זײַנען זיי געווען פֿאַרזונקען אין דרימל
פֿון לאַנגווײַל און נודנאָטע.
לילית, די הימלעשע קאָקאָטע,
וואָס פֿלעגט אַמאָל פֿאַרדרייען אַלע מענער די קעפּ
מיט אירע שוואַרץ־זײַדענע צעפּ
האָט איצט אויסגעקוקט, ווי אַן עלטערע זונה,
וואָס דערוואַרט שוין מער נישט קיין קונה.
סײַדן די מענטשן געוועזענע,
זײַנען זיי אָבער לאַנג שוין גענעזענע
פֿון די ברענענדיקע תּאוות
צו לײַבער פֿון חוהס,
איז וואָס איז דאָ,
אויב דער מענטש איז נישטאָ!
גאָרנישט מיט גאָרנישט
אויף אַ האָר נישט!

און אַז גאָט האָט דערזען,
וואָס איז געשען
נאָכדעם, ווי פֿאַרצערט
איז געוואָרן די ערד
לויט זײַן אייגענעם ווילן,
האָט ער געפּרואווט זיך שפּילן
מיט זײַן אייגענעם חן.
אָבער אַז מען איז אַליין,
איז ווי שיין,
און ווי פֿײַן
מען זאָל נישט זײַן,
איז דאָס נישט איבערצוטראָגן.

האָט גאָט גענומען קלאָגן
אויף זײַן איינזאַמקייט מיט אַ ביטערן קול.

ער האָט זיך פאַרבענקט נאָך דעם אַמאָל, און אַמאָל,
ווען ער האָט זיך געקאָנט צעוואַרעמען,
און דערבאַרעמען
ווען נישט ווען אויף ווען.
איצט קומט קיינער נישט נעמען,
כאָטש ער האָט אַזוי פיל צו געבן, —
איז וואָס זשע איז דאָס פאַר אַ לעבן
פון אַ רבונו של עולם,
אַז נישטאָ איז קיין עולם,
וואָס זאָל גלאָצן מיט די אויגן,
און זיך בוקן, און בויגן,
און אים אָפּשיטן מיט ברכות,
און שירים ותשבחות?

דערווידער איז אים געוואָרן דער זוניקער גולם,
וואָס האָט אויסגעקוקס אין קאָסמאָס, ווי אַ פּינטל פון אַ חלום
אין אַן אַלטן ספר־הזכרון,
וואָס ליגט פאַרשימלט אין אַן אָרון
נישט באַרירט פון קיינעם
אויסער פון אים איינעם.
סיידן די נשמות פון די מענטשן געוועזענע, —
זיינען זיי אָבער לאַנג שוין גענעזענע
דורך די תעניתים און סגופים,
וואָס האָבן אויפגעלייזט זייערע גופים,
און אַז קיין גוף איז נישטאָ,
איז וואָס זשע איז דאָ?
גאָרנישט מיט גאָרנישט
אויף אַ האָר נישט!

און אַז גאָט האָט געטראַכט פון דעם אַמאָל און אַמאָל,
איז נאָך ביטערער געוואָרן זיין קול,
ער האָט געטראַכט פון דער ערד, וואָס פלעגט ברויזן און קאָכן, —
זי פלעגט זיך אַליין אונטעריאָכן,

און אַליין זיך באַפרייען אָן אויפהער כסדר.
דעמאָלט האָט ער זיך געפילט, ווי אַ מלמד אין אַ חדר,
וואו די ייינגלעך רייסן זיך ביי די נעז
איבער אַ שטיקל קעז,
אָדער אַזוי־אָ זיך גלאָט.
אַוודאי האָבן די מענטשן קיין שכל נישט געהאָט
עפּעס בעסערס צו טאָן מיט זייערע לעבנס אויף איר,
אָבער געווען איז קאָליר,
און אַ טעם.
ברויזנדיקער ים,
און פליסיקער טייך,
אוןביידע רייך
מיט פיש לכבוד שבת.
קוואַקעדיקע זשאַבעס,
און גרין גראָז,
אַ ווינטל־בלאָז,
און אַ שטורעמדיקער ווינט,
בילנדיקע הינט,
קוויטשיקע חזרים,
און פויזנדיקע ווערים,
שלעכטע גראַמען,
און אַזעלכע, וואָס האָבן, ווי פלאַמען
געפלעמלט.

אוי דעמאָלט! אוי דעמאָלט!
ביקסן, שווערדן און קאַנאָנען,
און אַלערליי פאָנען.
באָנען,
עראָפּלאַנען,
און צעפּעלינען,
סאַפירן, בורשטינען און רובינען,
און שטיינער אין די קעפּ זיך צו וואַרפן.
פידלען און האַרפן,

און פויקן און טאַצן,
נביאים און פּאַיאַצן,
גענדז אין די שטייגן,
פייגל אויף צווייגן,
און אָדלערס אויף שפּיצן פון בערג,
רוישיקע מערק,
און מענטשן, אוי מענטשן!
געווען איז וועמען צו בענטשן,
און אויך שעלטן אַמאָל.

אָט אַזוי האָט מיט בענקשאַפט אינעם קול
געוויינט דער רבונו של עולם,
און ווייל עס איז נישט געווען קיין עולם,
צו הערן זיין ביטער געוויין,
האָט ער געוויינט פאַר זיך אַליין,
און געפּרואווט זיין קומער
מיט דעם פיינעם יין־המשומר
פאַרזיסן,
און דערביי פּאַביסן
מיטן לויתן און שור־הבור.

אָט אַזוי איז אַוועק אַ דור נאָך אַ דור,
אָבער געוואַקסן איז אַלץ שטאַרקער זיין טרויער
ביז איינמאָל האָט אַ צי געטאָן אַ מלאך ביים אויער.
און געזאָגט צו אים אַזוי צו זאָגן:
— מען דאַרף און מען מוז צונויפשלאָגן
צוריק די אַמאָליקע ערד!

— געהערט! געהערט!
האָט דער מלאך אין הימל,
זיך אַ כאַפּ געטאָן פון זיין דרימל,
און איז געלאָפן נאָך טשוועקלעך,
און די שדים האָבן גענומען דרייען די עקלעך,
פליענדיק פריילעך אַראָפּ און אַרויף,
און באַלד איז געוואָרן אַרבעט לרוב!

## ניט שטערט זשע דעם גאַנג!

עס שלאָגט מיט אַזאַ פֿייערלעכקייט פֿון אונדז אַלע
אין אָט דער שעה פֿון די גרויזאַמסטע גרוילן.
מיר ווערן אין אָטאָ דער פֿייערלעכקייט נתעלה,
און מיר באַנעמען, וואָס געווען איז פֿאַרהוילן.

זעט, זעט, ווי אַנטפּלעקט עס איז אַזוי פֿיל געוואָרן,
וואָס מיר האָבן געזען און דאָך נישט באַנומען, —
עס איז, ווי מיר וואָלטן גאָר פּלוצלונג די שטאָרן
פֿון אונדזערע פֿענצטער און טירן אַרונטער גענומען.

נישט שטערט זשע די פֿייערלעכקייט איצט אין דער עדה, —
מיר וועלן אין איר איצט דערגיין, וואוהין נאָך נישט דערגאַנגען!
זעט, זעט, ווי יעדערער דאָ איז גרייט אויף עקדה, —
ווי אַלע אָט דאָ דערהויבן זיך צו העכערע ראַנגען!

די נעכטיקע קאַרליקעס צעוואַקסן היינט זיך אין ריזן
עס שלאָגט מיט מוטיקן כּוח פֿון אונדזערע גלידער
זעט, זעט אָט די בליקן צעשאַרפֿטע, ווי שפּיצן פֿון שפּיזן, —
מיט בליקן אַזעלכע גייט מען אויף צו דעם באַרג פֿון דער נידער.

נישט שטערט זשע דעם גאַנג, — איר וועט ווערן צעטראָטן
ווי ווערעם פֿון אונטער געקאָוועטע, עקשנות׳דיקע זוילן!
עס איז אָט דער גאַנג פֿון די איצטיקע שעה׳ען געבאָטן, —
די שעה׳ען פֿון גרויזאַמע נאַצישע גרוילן!

# גע פאַר!

גע פאַר!
עס גייט דער באַרבאַר, —
די נאַטור!

דער מיניסטער פון אַגריקולטור
שיקט אַן עס־אָ־עס
דורך דער ראַדיאָ און פרעס
איבער דער מדינה!

די פעלדער זיינען היי־יאָר צו גרינע!
זיי זאָגן אָן אַ מזל־ברכה,
וואָס וועט אַפשטעלן די הצלחה
ביי די שפעקוליאַנטן אויף די מערק!

אַלע טאָלן, און אַלע בערג
זיינען היי־יאָר צופיל צעגרינט,
און דער וועטער־נביא זעט נישט קיין שטורעם־ווינט,
וואָס זאָל קומען און אַפווישן די אָנקומענדיקע שפע!
סיידן עס זאָל זיך אָ צי טאָן אַ שרפה

איבערן צווײַט,
וואָס איז צעבליט!

אַזאַ גזר!
אַזאַ געפאַר!
עס וועט דאָך וואַקסן אַלצדינג מער,
ווי ביז אַהער!

ווייץ און קאָרן,
אוגערקעס און פּימאָדאָרן,
רעטשקע און קאַשע.
די לאַנקעס וועלן אויפגיין מיט אַזוי פיל פּאַשע,
אַז מען וועט זיך באָדן אין מילך און אין פּוטער, —
ווייסט דער נישט־גוטער
צו וואָס דאָס וועט דערפירן!
וואָרים אויב עס וועט ביי אַלע טירן
זינגען די זעט,
און קיינער וועט אויף זיין בעט
פון הונגער נישט וויינען,
וועט דאָך דאָס מיינען
אויס מיט ספּעקולאַציעס און אויס מיט דיווידענטן!

האָט מען זיך צונויפגעקליבן אין די קאָמערצדעפּאַרטמענטן,
און מען האָט גענומען באַטראַכטן, ווי אַזוי די פּראָפיטן
פון אונטערגאַנג צו באַהיטן.
אַרום אַ גרויסן דעמבענעם טיש אין שטולן געבעטע
זיינען געזעסן מענטשן צערעדטע,
און צעהיצטע.
עס זיינען געפלויגן ווערטער צעבליצטע,
ווערטער, ווי פויסטן צעביילטע
דורך ראַדיאָס צעאיילטע,
באַטאָנענדיק נאָך שטאַרקער די געפאַר
פון דער אייגענער סטרוקטור, —
דעם באַרבאַר, —
די נאַטור.

ב.

שלאַנקע נעגער־יינגלעך מיט קרויזיקע קעפּלעך
צעגלאַנצטע פון פּאָמאַדע
אין אוניפאָרמס מיט גאָלדענע קנעפּלעך
האָבן סערווירט שאָקאָלאַדע,
און קאַלטע לעמאָנאַדע,
און אויך פאַרשידענע זודיקע מינעראַלן
צו די גרויסע גענעראַלן
פון דער בירזן־סטרוקטור,
וואָס זיינען צעשרויפטע געזעסן און קעגן דער נאַטור
אויסגעלייגט די אָפּענסיווע.
בלויז די זון, די נאַאיווע
האָט דורך די גרויסע פענצטער געשפרייט אירע שטראַלן,
און עס איז איר גאָרנישט איינגעפאַלן,
אַז פאַר אָטאָ די לייט איז איר וואַרעמקייט,
איר דערבאַרעמקייט,
וואָס איז שטענדיק אַן אָנזאָג פון שפע,
איצט אַן אָנזאָג פון אַ מגפה
אויף די דעפּאַרטאַמענטן
פון די דיווידענטן.

אין דער ברייטסטער שטול אויפן סאַמע אויבנאָן,
איז ווי אַ קעניג אויפן טראָן
געזעסן אַ שטאָטלעכער, דער פרעזידענט.
ער האָט זיך געריבן די צעגרוילעכטע שלייפן מיט די הענט,
און זיך געקלאָגט פאַר וויצע דערלעבן:
— דער דאָקטאָר האָט מיר פילן געגעבן,
אָבער עס העלפן נישט די פילן!
ביים וויצע האָבן זיך די געפילן
צעשפילט אויף דער ברייטער פליישיקער נאָז:
— פרילינג איצט... גאָלף איבער דעם גרינעם גראָז,
און איך קאָן זיך דאָס איצט נישט פאַרגינען!
— מען קאָן אַרונטער פון זינען! —
האָט צעקרעכצט זיך אַ דריטער,

בשעת אַלע אַנדערע האָבן געקילט די געמיטער
מיט שאָקאָלאַדע,
און לעמאָנאַדע.

אָט אַזוי איז מען געזעסן פון פרימאָרגן ביז ביינאַכט
ביז מען האָט זיך ענדלעך דערטראַכט,
אַז היות עס איז אַזוי און אַזוי,
איז לכן זאָל מען אַזוי און אַזוי,
איז זיי זשע עס טאַקע באַשלאָסן,
אַז די שפּע זאָל ווערן צעגאָסן,
צעשפּרייט און צעשאָטן!

אויף מאָרגן האָבן די טעלעגראַפישע דראָטן,
די ראַדיאָ און די פּרעס
דערציילט דעם גרויסן נס
צו די מאַסן
אויף די גאַסן,
ווי אַזוי די בערזנסטרוקטור
האָט ברוך השם באַזיגט די נאַטור, —
דעם געפערלעכן באַרבאַר,
און פאַרמיטן אַ נאַציאָנאַלע געפאַר.

ג.

דעמאָלט האָבן קלויסטער־גלעקער זיך צעקלונגען,
און אין סינאַגאָגעס האָבן כאָרן זיך צעזונגען,
אָבער שפּעטער, ווען דער האַרבסט איז געקומען אויף דער ערד,
האָט ער אויסגעקוקט, ווי אַ מאַמע, וואָס האָט אַ פינפטלינג געבערט,
נאָר אין אירע בריסט איז נישטאָ קיין מילך פאַר די קינדער.
איבער די וועגן האָט אַ בלינדער
מיט זיין שטעקן געקלאַפּט, און געקלאַפּט:
— געוועזן ברויט, האָט עס אַ רויבער דערטאַפּט,
און איצט איז נישטאָ שוין דאָס ברויט.
יענעם האַרבסט איז די זון אַזוי גליענדיק רויט
יעדן אָוונט איבערן האָרסאָן פאַרגאַנגען.

די בערג, ווי קעפּ, וואָס מען וואָלט מיט האַמערס דערלאַנגען,
האָבן געקוקט מיט בליקן, וואָס פינטלען און גלאַנצן, און גאַפן,
ווייל פון יעדן נאָענטן האָפן
האָבן זיך געצויגן שיפן נאָך שיפן,
און זיי האָבן געזעגנט פון זיך איבער די וואַסער־טיפן
מיט רעטשקע, קאַרטאָפליעס, אוגערקעס און פּימאַדאָרן,
מיט עפּל און באַרן מיט ווייץ און מיט קאָרן
צום אָפּגרונט פאַר די פיש.

דאָס פּנים פון יענעם טאָג איז געווען אַזוי ליכטיק און פריש,
ווי גאָט אַליין וואָלט אים נאָר וואָס געהאַט אַ מאַסאַזשל געגעבן.
די מעוועס האָבן נישט אויפגעהערט אין יענעם טאָג צו שוועבן
אַרויף און אַראָפּ, קראַקנדיק הללויה צום לעבן,
אָבער אין די אָרעמאַנסקע הייזער
איבער די שטעט פון שטאָל און פון שטיין
איז צו טאַטעס און מאַמעס, — די שפּייזער
אויפגעגאַנגען אַ שווער־קינדעריש געוויין.
די קליינע אָרעמע שפּייזקרעמער זיינען געווען באַלאָדן מיט זאָרגן,
ווייל אַלע זיינען געקומען בלויז באָרגן.
אין אומצייליקע שטיבער האָט די נויט
שוין אויפגעגריזשעט די לעצטע קריזשקעלעך ברויט,
און אויסגעלעקט דאָס לעצטע ביסל באָרשט פונעם טעפּל.
און אַז עס האָט געטראָפן — אַ קינד האָט דערזען אַן עפּל,
אָדער אַן ענגל מיט טרויבן
אין אַ קראָם דורך די שויבן,
און אויפגעהויבן אַ בענקענדיק געוויין,
האָבן מאַמעס און טאַטעס פאַרקריצט מיט די ציין,
און געזוכט צו באַרויקן דעם קינד
מיט מעשיות פון ווינט,
פון בייזע דערצאָרנדיקע הינט,
און נאָך און נאָך אַזעלכע זאַכן, —
זיינען די מעשות געווען אויך צום לאַכן,
נאָר אַז אָך און ווי איז צו אַזאַ געלעכטער, —
דער גרויזאַמער שעכטער
איז גאָר דער געלעכטער!

# אַז וואויל איז צו דעם

פון די פונקען, וואָס מיר בלאָזן דאָ אַלע פאַנאַנדער
איז נישט איין מאָל א פלאַם צו דער הויך אויפגעגאַנגען, —
צו אָטאָ די פלאַמען און זייער וואָגל און וואַנדער
אונדזערע לויטערסטע און שענצטע געזאַנגען.

און זינגענדיק בלאָזן מיר אַלץ ווידער און ווידער,
ווייל היפש איז דער חושך נאָך אַלץ אויף די וועגן, —
עס פינקלען די פונקען, ווי שורות פון לידער,
און בלענדן זיך איינע די צווייטע אַנטקעגן.

עס טרעפט אויך, אַז זיי גיסן צענויף זיך צוזאַמען,
איז דעמאָלט א העלקייט, כאָטש די אויגן פאַרזשמורע, —
דו ווערסט אַזאַ פלאַם מיט קיין וואַנט נישט פאַרצאַמען, —
ער גרייכט מיט זיין אָפשיין אין יעדער קאַנורע.

אַזוינס איז א וואונדער, און א באַזונדערע זכיה,
אַז וואויל און אַז וואויל, ווער סע איז צו דעם זוכה, —
עס איז, ווי מען וואָלט פלוצלונג דערלעבט אַן עליה
פון טאָליקן נידער צו בערג־שפּיצן הויכע.

בלאָז, בלאָז דיינע פונקען און פאַל נישט אַרונטער,
ווען איינער פאַרלעשט זיך אין וואָגל און וואַנדער, —
בלאָז, בלאָז, און זינג דערביי גלויביק און מונטער,
ווייל נאָך דעם פאַרלאָשענעם, גייט אויף באַלד אַן אַנדער!

# צאָרן

אונטער פערד געטריבענע פון שפּאָרן
אַ פאַרבלוטיקטער איז היינט געלעגן
דער אויגעוואַכטער צאָרן
און געשריגן.

אויף פערד גאַלאָפּירנדיקע, צעהיצטע
האָבן ברידער איבער ברידער געריטן,
און אויגן, ווי מעסערס אויפגעבליצטע
האָבן שנאהדיק די לופט געשניטן.

פון אַלע גאַסן און פון אַלע הויפן
האָט דער צאָרן אויסגעשריגן
און אין דער לופטן האָבן תליה־שלייפן
זיך גענומען וויגן.

וועמענס הענט האָבן שטריק געצויגן?
און וועמענס העלדזער דאָ דערשטיקטע?
די זון האָט צוגעמאַכט די אויגן
און זיך פאַרלאָשן אַ באַזיגטע.

און ווען די זון איז שוין פאַרשוואונדן
און טונקל איז אין שטאָט געוואָרן,
האָט רויט דער אָוונט זיך געצונדן
מיט באַנייטן צאָרן.

# עקשנותדיק

מען שיט שוין ווידער פּריסיק אונטער אונדזערע טריט.
די זון, — נישט זי שײַנט, נישט זי גליט,
נישט זי בלענדט,
נאָר זי ברענט,
און פֿאַרברענט
צעצוויטעטן צווײַט.

אונטער די רשעותדיקע טריט
געוויקסן, וואָס זײַנען צו קיין רײַפֿקייט נישט דערגאַנגען,
הערן זיך דערפֿאַר נישט קיין געזאַנגען
דורך אונדזערע נעכט און טעג
אויפֿן וועג.

אָבער גיין וועלן מיר, סײַ ווי דורך פֿלאַם און דורך רויך
צו אונדזער געצייכנטן ציל.
וועט מען נישט קאָנען רעדן אין דער הויך,
וועט מען רעדן אין דער שטיל
איינער דעם אַנדערן אויפֿן אויער
וועגן אונדזער טרויער,
וואָס איז מיט פֿרייד געמישט.

עס וועט נישט זײַן אומזיסט און אומנישט
אונדזער עקשנותדיקער גאַנג.
איצט איז ער אָפּטמאָל דורך טרערן,
אָבער סוף כּל סוף וועט אַ פֿריידיק געזאַנג
זיך דערהערן
איבער אַלע וועגן
אונדז אַנטקעגן!

# אין געיעג נאָך דער רו

עס יאָגט מיך מיין אומרו אין געיעג נאָך דער רו,
וואָס מוז דאָך דאָ זיין נישט וויט ערגעצוואו,
און איך טראָג זיך אַלץ ווייטער, און ווייטער,
נאָר וואו איז זי?
וואו איז זי?
וואו?

יאָגט אָן זיך אַ ווינט, אַ פאַרשייטער,
אַזוי ווי אַ לאַבוז פון הינטער אַ טויער,
און ברומט אין מיין אויער:
— בו־הו! און בו הו!
נישטאָ איז אין ערגעץ די רו!

העי ווינט שקוצעוואַטער!
העי לאַבוז, די בלאַטער!
העי נוצלאָזער אויף אונדזער ערד!
זע, זע, — אַט בין איך דיין רייטער,
און דו ביסט מיין פערד,
וואָס טראָגט מיך שוין ווייטער!

איך האַלט דיין טשופּרינע, —
מיין וואָרט — דיין געבאָט!
דיין מויל שלאָגט מיט פינע,
נאָר דו ביסט אין טראָט
אַליי ווייטער, און ווייטער!

זע, זע, — עס גליט אויף אַ שייטער,
און רויטלט דעם הימל, —
די ערד צעשמעקט זיך מיט ווייץ און מיט קימל,
דאָס וואַסער אין טייכל ריזלט אַזוי קיל,
דער אָוונט לאָזט זיך אַרונטער אַזוי שטיל, —
קאָן זיין, אַז דאָ ערגעצוואו
וואַרט לאַנג שוין דו רו.

## שטילער! שטילער!

די פֿלאַמענדיקע צונגען פֿאַרבן אַף די נאַכט אויף רויט.
פֿאַר הונגעריקן איז באַ׳טעמט און זיס דאָס ברויט
אַפֿילו, װען עס איז שוין אַלטגעבאַקן.
די צװײַגן איבעם זשאַר זידן אויף און קנאַקן,
און שיקן גליענדיקע פֿונקען דורך דער נאַכט צום הימל.
שטילער, שטילער, — עס באַפֿאַלט אַ ליבער דרימל
אויף אַלצדינג אַרום דיר.
— װער האָט אויפֿגעמאַכט אַ טיר,
און טראָגט מיך איבער שװעל?
די נאַכט איז װי דער טאָג איצט העל,
נאָר איך בין אַזאַ מידער, מידער, —
אַ, װיפֿל װאונדערלעכע לידער
עס גייען אויף אין שלאָף אַפֿילו, —
און יעדעס ליד — אַ תּפֿילה.

## ווי גוף צו גוף

אַ זיי געבענטשט, דו שמעקנדיקע ערד,
אויך דו, מיין שטערנדיקער הימל.
ווער עס האָט דעם אַלף־בית געהערט,
דערהערן וועט שוין אויך דעם גימל.

און נאָכן גימל קומט דאָך עפּעס נאָך, —
דאַלעד לאָזט אויף זיך נישט וואַרטן.
ער שלעפּט דעם דלותדיקן שווערן יאָך,
און שלאָפט אין דרויסן אויף אַ שטיין אַ האַרטן.

און נאָכן דאַלעד קומט דאָך אויך די היי,
און נאָכן היי, דער וואָוו, דער זאַיען,
און אַלע איבעריקע אין אַ גרויס געשריי, —
זיי הערן דאָך נישט אויף צו שרייען.

דאָס אות וויל אות פאַר תּוכ׳עך וואָרט,
ווייל אַנדערש איז דאָס בלויז אַ גולם.
און אַז מען איז שוין אויפן אָרט,
וויל וואָרט פאַר זיך שוין אויך אַן עולם.

ווי גליד צו גליד, ווי גוף צו גוף,
בענקט וואָרט נאָך זיינע הערער, —
וואָס טויג דער שאַלנדיקסטער רוף
אין מדבר, אין דער לערער!

# אין קריג אַרײַן פֿאַר פֿאָלק און לאַנד!

זאָלסט זײַן געבענטשט מײַן לאַנד פֿאַר די חסדים, וואָס דו טוסט
מיט אָט אַזאַ, ווי איך, וואָס באַוועגט זיך פֿון גרענעץ ביזקל גרענעץ!
ביסט וואונדערלעך אין דײַן געיעג, און שײַן אויך ווען די רוסט, —
דו בלענדסט מיט יוגנטלעכע צײַן אפילו אין דײַן געגעץ.

און בײַסטו, ווען מיט זײַ, צעבײַסטו דאָך דײַן אײגן לײַב,
און דעמאָלט שטרעקן הענט אומצײַליקע פֿון הונגער זיך פֿאַנאַנדער, —
און דעמאָלט ווײנט בײַ דיר די ערד, ווי אַ יונג פֿאַרלאָזן ווײַב,
ווען מאַן עס טראָגט זיך אומרואיק אין וויסטן וואַנדער.

דײַן ערד איז פֿעט מיט נאַרונג פֿאַר יעדן אײנעם איבער איר,
און יעדער שפּאַן אָט דאָ איז אָלעמען אונדז ליב און הייליק, —
נישט מער, — עס איז נאָך נישט צעפּנט פֿאַר יעדערן צוגלײַך די טיר,
און נישט יעדער קריגט נאָך דאָ זײַן פֿאַרדינטן חלק.

אָבער איצט ביסטו פֿאַרנומען, אַ צעברויזטע און פֿאַרהאַרעוועטע ביסטו! —
דו האָלט אין מיטן אָפּצאָלן אַ חוב דעם שווערן שונא,
וואָס איז באַפֿאַלן דיך אין שטילער, אָונטיקער רו,
ווי אַ שיכורטע אָן אומווירדיקע, — אַ חוצפּהדיקע זונה!

איז איצט פֿאַרגעסן דאָך צו דיר שוין יעדע טענה, וואָס מען האָט,
ווי עס פֿאַרגעסן גוטע קינדער די עוולות קעגן טאַטע־מאַמען,
ווען אַ געפֿאַר באַווײַזט זיך קעגן זײַ, — אָט זעט, מען גײט אין טראָט
פֿון אַלע בערג און אַלע טאָלן אַנטקעגן שונא איצט צוזאַמען.

מיט טראָט און טראָט, און הילכנדיק, עקשנותדיק איז איצט דער גאַנג
פֿון די צעברויזטע און צעוואַכטע איבער אַלע דײַנע וועגן, —
ווער נעכטן האָט אַ הויז פֿאַר זיך געבויט, בויט היינט אַ טאַנק,
אַן עראָפּלאַן, אַ קריגס־שיף דעם שונא אונדזערן אַנטקעגן.

אויך איך צעברויזט בין, כאָטש וואָס מעשטיינסגעזאָגט איז מיין פאַרמעג?
נישט מער, ווי בלויז אַ דיכטער און אַ יידישער קולטור־שליח!
נאָר איז דען וויטמאַנ׳ס וואָרט קיין וואָפן נישט געווען אין וועג?
העי, וואָרט מיינס, באַוואָפן זיך און זיי אין קריג אַריין זיך איצט מטריח!

— אין קריג אַריין מיט אַלע, אַלע שונאים אונדזערע אַרום,
אַז אָפּגעווישט זאָלן ווערן אַלע פינצטערע פאַרדאַרבער!
— העי, וואָרט מיינס, באַוואָפן זיך, — אין קריג אַריין איצט קום,
אויף אָפּצוצאָלן פאַר דעם איבערפאַל אויף פוירל־האַרבאַר!

אויף אָפּצוצאָלן הערשאַיטאָן מיט זיינע שותפים פאַרן בלוט,
וואָס שרייט צו אונדז און הערט נישט אויף צו מאָנען און דערמאָנען!
זעט, זעט, ווי אויפגעברויזט און אויפגעוואָכט איז אונדזער מוט, —
עס שלאָגט פון אונדז דאָס ליכט פון טאָמאָס דזשעפערסאָנען!

— אין קריג אַריין פאַר פאָלק און לאַנד, פאַר אונדזער ליבער פאָן,
אַז זי זאָל פלאַטערן פאַר קומענדיקע, וויטערדיקע דורות! —
ביסט ווערט מיין לאַנד, צו שטעלן זיך פאַר דיר אין קאָן,
אַז דיינע אַכט און פערציק שטערן זאָלן שיינען, ווי מנורות!

# און אויך מײַן ייִדיש וואָרט

דאָס גאַנצע לאַנד געוואָרן איז דאָך לאַנג, שוין לאַנג מײַן שטאָט,
און אַלע שטעט און דערפער זײַנען איצט דאָך מײַנע גאַסן, —
עס טראָגט זיך היימישלעך און פרײַ אַרום אין זיי מײַן טראָט
באַשיצט פון פאָן באַליבטער מיט די שטערן און די פּאַסן.

און אויך מײַן ייִדיש וואָרט איז נישט אינגאַנצן אין דער פרעמד,
עס כאַפּט דעם וואו נישט וואו נאָך אַלץ דאָ אויף אַן אויער!
און ווערט עס דאָ און דאָרט אַמאָל פון עמיצן פאַרשעמט,
פאַרלירט דאָס נישט דעם מוט און ווײַנט נישט פון קיין טרויער.

עס נעמט מיט ווײַטיק די ביטערע פאַרשעמטקייט אין זיך אויף,
און דורכן ווײַטיק ווערט דאָס נאָך געשטאַרקט מיט מער דערפאַרונג, —
עס ווייסט מײַן וואָרט, אַז אינעם שווערן גאַנג צום באַרג אַרויף,
איז אָפּט דער צאָרן גיפטיקער די שטאַרקסטע גאַרונג.

נישט מער, אַז עס טרעפט זיך די פאַרשעמטקייט קומט פון אייגן בלוט
ווערט דעמאָלט רויט דײַן פּנים פון אייגענעם בזיון,
נאָר ווען מען גאַנג עס איז צום ציל, איז אויך די רוט
נישט מער, ווי בלויז געווײַנלעכער, טאָג־טעגלעכער נסיון.

און צו נסיונות שווערע בין איך דאָך געוואוינט שוין לאַנג, —
איך עס זיי מיטן טרוקן ברויט טאָג־טעגלעכן צוזאַמען,
און ווי דאָס ברויט, זײַנען זיי אויך טרײַב־קראַפט אינעם גאַנג, —
דער אָטעם, אַז דער זשאַר זאָל העלער זיך צעפלאַמען!

דאָס גאַנצע לאַנד געוואָרן איז מײַן ברייטער האָריזאָנט,
מײַן בליק צעוואַקסט איז איבער אַלע בערג און אַלע טאָלן.
און איז מיר עפּעס דאָ אַרום נאָך נישט געווען באַקאַנט,
איז איצט דאָס גרינגער דאָך פאַר מיר זיך אויסצומאָלן.

אָט פירט די שנעל־באַן איצט מיך צו אַ הויכן באַרג אַרויף,
און מאָרגן וועט זי פירן מיך צו אַ טיפן טאָל אַרונטער,
און איז נישט וואונדערלעך אָט דאָס, וואָס ביידע גייען אויף
פאַר מיין געמיט מיט, יוגנטלעכן, זינגענדיקן טראָט און מונטער.

עס זינגט דער טאָל צום באַרג אַרויף מיט זילבערדיקן טייך,
דער באַרג כאַפּט אויף דאָס ליד מיט שווייגנדיקן פאַרגעניגן, —
מיין לאַנד איז נישט נאָר בלויז מיט שטעט און דערפער רייך,
עס האָט אויך פיש און אָדלערס, הערשן, פערד און ציגן.

די מינעסאָטער יידן כאַפּן אין די שיינע טייכן גרויסע פיש,
און די קענטאָקער האַנדלען מערסטנס בלויז מיט אַלטע הויזן,
און אַז עס לאָד אַ ייד אין קאַליפאָרניע דיך צום טיש,
צעשמעקט זיך דאָרט מיט אייגענע געפּלעקטע, פרישע רויזן.

אין מיטל־מערב איז דער ייד פאַרשמייעט און פאַריאָגט
כאָטש יאָגן יאָגט ער זיך אויף גוטע אויטאָ־רעדער,
און אויפן צפון זיצט פאַרוואָרפן וואו אַ ייד און קלאָגט,
אַז ער האָט פאַר זיינע קינדער נעבעך נישט קיין חדר.

אין די ווירדזשיניעס איז שטאָלץ דער ייד מיט היימישדיקן פּאַפּיראָס,
און אין פלאָרידאַ שטאָלצירט ער מיטן גרעיפּ־פרוכט, דעם געשמאַקן,
נאָר אין דזשאָרדזשיאַ באַקלאָגט ער זיך אַלמאַי אָן אַ פאַרוואָס
דערלאַנגט מען דאָרט דעם נעגער־מענטשן אינעם האַלדז און נאַקן.

— און מישט מען זיך אַריין אַמאָל און מען טוט אַ פרעג נאַאיוו:
— איז דען דער האַלדז און נאַקן אַנדערש ביי די שוואַרצע, ווי ביי ווייסע?
איז מען ביי יענעם דאַך, ווי מען וואָלט אָט ערשט אַרונטער פון דער שיף,
און מיטגעבראַכט מיט זיך אַ פרעמדע, אויסטערלישע מעשה.

איז דאָס אַ וואונד דאַך אויפן לייב פון אונדזער שיינעם לאַנד, —
אַ וואונד, וואָס לינקאָלן האָט געשניטן, און נישט באַוויזן צו פאַרהיילן,
נו, זאָל די נייע צייט אונדז אויסשטרעקן אַ היילנדיקע האַנט,
אַז שפּעטער זאָלן מיר אין נחת און אין פריידן דאָס דערציילן!

# שוואַרץ־ווייס!

## א.

אָ, לינקאָלן, האָסט אויפגעשניטן די וואונד אין אונדזער לאַנד,
אָבער די קויל פון דער פאַררעטערישער האַנט
האָט אַרויסגעשלאָגן פון דיינע פינגער דעם לאַנצעט,
און כאָטש דיין קול איז נאָך ביז איצט צערעדט,
און הערט נישט אויף צו מאָנען,
און דערמאָנען,
איז די וואונד נאָך וואונד, — זי יאַטערט נאָך!
זע, זע, — דיין פאָן, — זי פלאַטערט דאָך,
און אַלע שטייען מיר פאַר איר אין ליבשאַפט און באַוואונדער,
נאָר טירן זיינען אין דיין לאַנד נאָך אַלץ באַזונדער
פאַר שוואַרצע און פאַר ווייסע.
אָ לינקאָלן, דו ביסט דער גוטער העלד פון אַזאַ שיינער מעשה,
וואָס איז ביי אונדז אין לאַנד געבליבן
נישט דערשריבן!

## ב.

שוואַרץ־ווייס,
ווייס־שוואַרץ, —
ווער האָט אין זיין כעס
זיך אַליין דאָס האַרץ
צעריסן?
שוואַרץ־ווייס,
ווייס־שוואַרץ, —
די ערד האָט אין כעס
דאָס אייגענע האַרץ
צעביסן!

## ג.

אַטלאַנטאַ־דזשאָרדזשיאַ, האַרץ פון אונדזער דרום, —
דיין זון איז מילד,
נאָר האַרט דיין אָרעם.
דאָס האַרץ אין דיר איז ווילד,

און שטייף אויף דעם דאָס העמד.
דייַן לעבן איז פאַרשעמט,
ווייל נאַכט ביי דיר איז דאָרנדיק,
און טאָג ביי דיר איז צאָרנדיק, —
ווער צינדט כסדר אָן דיין האַרץ
מיט אַזאַ ברענענדיקן כעס ? —
ווייס־שוואַרץ !
שוואַרץ־ווייס !

ד.

און דו אויך אַלאַבאַמאַ
ביסט דיין ערד מטמא
מיט דיין רוט !
און דו אויך קאַראָליינע
באָדסט די גלידער דיינע
אינעם בלוט,
וואָס פליסט פון שוואַרצער הויט,
כאָטש אַלע עסט איר דאָ דאָס ברויט,
און ווערט גענערט
פון שוואַרצער ערד.

ה.

זעט, זעט, — אַ סאַראַ גרויסע שוואַרצע פלוים,
עס הענגט אַרונטער פון אַ בוים,
כאָטש נעם און רייס זי אַראָפּ,
און קאָך פון איר אַ צימעס אָפּ
פאַר יעזוסן, דיין גאָט פון ליבע אויפן צלם !
גיי פאַל אַנידער און דערצייל אים,
אַז נישט קיין שוואַרצע פלוים
וויגט אים זיך אָט אַזוי אויף בוים
פון דיין באַליבטן דרום,
נאָר אַז דיין ווייסער אָרעם
האָט נעכטן, ווען די זון איז גאָלדיק דאָ פאַרגאַנגען,
אַ שוואַרצן ברודער אויפגעהאָנגען.

# נו גײ דערצײל

דאָס גאַנצע לאַנד געװאָרן איז דאָך איצט מײַן שטאָט,
און אַלע שטעט זײַנען לאַנג שױן מײַנע סקװערן, —
עס טראָגט זיך הײמישלעך אַרום אין זײ מײַן טראָט,
און דאָ און דאָרט לאָזט מײַן קול זיך אױך דערהערן.

מײַן ײדיש װאָרט פילט זיך נישט אינגאַנצן אין דער פרעמד,
ער לעבט נאָך און עס זעט זיך אָן דאָ אונדזער חלק,
איז אײגן מיר דערפאַר די ערד דאָ, װי מײַן אײגן העמד,
און יעדעס װינקל איז מיר ליב דאָ, איז מיר הײליק.

דו טוסט אַ פאַל אַרײַן גאָר פלוצלונג, אַזױ אומגעריכט
אין װיסטן, אָפּגעשײדסטן און פאַרװאָרפנדיקסטן ישוב,
און פּנימער צעצינדן זיך אַנטקעגן דיר, װי שבת־ליכט,
און אַרום דיר גײט אױף אַזאַ מין צױבערלעכער כּישוף.

אַלצדינג צעגלאַנצט זיך מיט אַ פרעג־צײכן, און װערסט נישט מיד
צו ענטפערן, און ענטפערן, דערצײלן און צו לאָזן װיסן,
און אַרום דעם געגרײטן טיש גײט פלוצלונג אױף אַ ליד,
װאָס בינדט צענױף אָט דאָס, װאָס איז געװען צעריסן.

אין װאַשינגטאָן דער פּרעזידענט, סענאַט און דער קאָנגרעס
און דאָרטן זײַנען די געבײדעס מאַרמאָנע, גגידישע,
נאָר בײַ דער זײַט פון װײַנשל־בױם און שמעקנדיקן בעז, —
אַ קינדער־שול, אַן אײגענע, אַן אונדזערע, אַ ײדישע!

דער „ווילסאָן“־באַרג, דער „הוד“, דער „טשעסטאַ“ און דער „פיק“, —
די שטאַטן: יוטאַ, אָרעגאָן, און וואַשינגטאָן, און קאָלאָראַדאָ! —
ווער קאָן דען אָנזעטיקן געגוג דעם הונגעריקן בליק
מיט אַלע וואונדערלעכע שיינקייטן פון קאַליפאָרניע און נעוואַדע!

דאָך נעענטער און ליבער פון זיי אַלע איז מיר פּאָרט נויאָרק, —
זי איז דאָס גרויסע האַרץ, וואָס שיקט דאָס בלוט פאַנאַנדער!
דאָרט וואוינט מיין גרויסע פרייד, און אויך מיין שווערע זאָרג,
אוןביידע גייען מיר דאָך נאָך אין מיין שטילן וואַנדער!

אָט האָב איך היינט דערהאַלטן בריוולעך פון מיין ליבער פרוי, —
עס שלאָגט מיט אַזאַ בענקשאַפט דאָך פון איר יעדער שורה!
און איך? איך האָב געענטפערט איר אַזוי, און אָט אַזוי,
אַז אַלצדינג גייט מיט מיר אויף מיינע וועגן גאָר כשורה.

האָב איך דעם אמת איר דערציילט? נישט שטענדיק איז
דעם גאַנצן אמת פאַר דעם נאָענטסטן דערציילן נויטיק!
נו גיי דערצייל איר, אַז פאַרמאַטערט זיינען מיינע פיס,
און אַז דאָס בעט אין דעם האָטעל איז אומבאַקוועם און קויטיק!

עס טרעפט, דו ליגסט אין בעט און טראַכסט פון דורכגעלעבטן טאָג,
און פלוצלונג הייבן זיך די שעה׳ן וויגן, ווי געהאַנגענע אויף תליות!
היינט האָט אַ ייד אויף לשון־קודש בייזלעך מיר געטאָן אַ זאָג,
אַז אים איז דער איקוף גאָר מוקצה, מחמת מאוס!

אַזאַ ווי איך זאָל פריידיקן זשאַרגאָן? היתכן? סטייטש?
צעפייערט האָט דער ייד אויף מיר זיך מיט דער ספרדישער הברה, —
זיין בייזקייט איז אַ גיי געטאָן אויף מיר, ווי אַ היטלער־בייטש,
כאָטש אויך אָפילו פאַר אַזוינעם מעג היטלער ווערן די כפרה!

און באַלד נאָך דעם האָט ער פאַר מיר אין ברוזיקן עקסטאַז
אַ זינג געטאָן אַ לשון־קודשדיקן שיר, — אַן אייגענעם פאַרפאַסטן חיבור,
און ביי דער ראַדיאָ האָט זיין בת־יחידה צו אויפגעשפילטן דזשאַז
דאָס הינטנדל געדרייט אין זעלביקן עקסטאַז, — איך בעט אייך איבער!

נאָר בעסער נישט צו טראַכטן איצט פון אַט אַזוינס שוין גאָר, —
נו וואָס, אַז עמעצער האָט נישט פריינטלעך דיך באַגעגנט ?
אַט בעסער טראַכט פון ליבן קינד מיט די געקרויזטע האָר,
וואָס האָט אויף יידיש נעכטן זיך מיט דיר געזעגנט.

וואָס האָט דאָס ליכטיק יינגעלע אויף דעם וואָקזאַל געזאָגט צו מיר ?
— פאָרט געזונט, און קומט געזונט, פאַרזאַמט נישט הינטערוועגנס !
אַ יינגעלע, דו ליבס, אַ יינגעלע, דו שיינס, אַז איך טראַכט פון דיר,
ווערסטו פאַר מיר אַזאַ ליכטיק, אַזאַ גרויס און שיין פאַרמעגנס !

הער, הער, אַ יינגעלע, איך שרייב צו דיר איצט גאָר אַ בריוו
פון אַ גרויסער לבנה און צעפינקלדיקע שטערן,
און וועגן אַזאַ פייגעלע, אַ זשוואָוועדיקס, וואָס זינגט : ציף!־ציף!
אין טעג אויך איצטיקע, ווען די קאַנאָנען לאָזן זיך צו הערן.

עס קאָן קיין שום קאַנאָן נישט איבערשרייען דעם פייגעלעס געזאַנג
צום זון־אויפגאַנג ביים האָריזאַנט און צו די גאָלדענע קאָלירן, —
איך האָב נישט איינמאָל שוין אַזוינס דאָך אויף מיין שווערן גאַנג
געהערט, דערהערט און אויך פון דעם געלאָזט זיך ווייטער פירן.

דער עיקרשט אָבער וועל איך דיר באַשרייבן באַרטשי דעם כאַפּון, —
עס איז דער זעלבער באַרטשי, וואָס האָט א טבע נאָר פאַר זיך צו כאַפּן,
איז איינמאָל האָט ער מיר נישט, דיר נישט אַ כאַפּ געטאָן די זון,
און זי אַריינגעוואַלגערט אין אַ פּעסל, אַ פאַרדריפּעטס מיט אַ צאַפּן.

דערנאָך האָט ער דאָס פּעסל אָפּגעפירט צום ברייטן, זשומעדיקן מאַרק,
און מיט זיין קולכל ציקלדיקן אַזוי ליאַרעמען גענומען :
— אַ ניקעלע, אַ גלאָז ! קויפט מענטשן, קויפט ! די זון מאַכט שטאַרק !
און ווי די פליגן זיינען באַלד פון אלע זייטן מענטשן אָנגעקומען.

באַוואָרפן און באַשאָטן אים מיט ניקעלעך אַ גאַנצן באַרג, —
געוועזן אַזעלכע, וואָס האָבן אויך באַצאָלט אַ גאַנצן דאַיעם,
ווייל יעדן איינעם ווילט זיך זיין געזונט און שטאַרק,
און וועמען ווילט זיך דען נישט אויף דער זון מאַכן אַ לחיים ?

און וואָס עס האָט דערנאָךביים צאַפּעניש זיך אויסגעלאָזט דערפון,
איז דאָך נישט שייך צו דערציילן. באַרטשי איז פון מאַרק־געווימל
אַרויס אַזאַ צעשלאָגענער און אַ צענטן שוין פאַרזאָגט, אַז מער די זון
זאָל קיינער, קיינער נישט גנבענען פון אונדזער הימל.

אַ גוטע נאַכט דיר ייִנגעלע, און ווען וועסט אויפשטיין מאָרגן פרי
נעם אָפּ פון בריוון־טרעגער אָט דאָס צוגעשיקטע, ליבע בריוול,
און ווען מיינע ווערטער טאָן דאָס הערצל דיינס אַ ברי,
פאַרגיב דיין פריינט דעם עלטערן, און האָב אויף אים נישט קיין פאַראיבל!

# אינעם גאַנג צו דער זון

אַזוי פיל געזאַנג
איז דאָ אינעם גאַנג
צו דער זון.
— וואָס זשע וועט ווערן דערפון?
עס וועט ווערן:
ווערן!

די וועלף און די בערן
וועלן מער נישט פאַרצוקן קיין רינדער,
און נישט שרעקן קיין קינדער.
יעדער בלינדער
וועט זעענדיק ווערן.
מיט גאָלדענע שערן
וועלן אַליין פון זיך שערן די וואָל אַלע שאָף,
און זיי אויסבייטן ביים מענטשן אויף שטרוי און היי.
יעדער מעשה וועט האָבן אַ גליקלעכן סוף,
און דער טרויער וועט צעגיין זיך, ווי אין פרילינג דער שניי, —
אָט וואָס עס וועט ווערן דערפון,
ווען אַלע וועלן שפּאַנען צו דער זון!

אַ קינד וועט אויף אַ וואָלקנדל רייטן
צו אַלע הויכן און וייטן,
און פירן צו דער לבנה
פון דער ערד אַ מתּנה
עפּל און באַרן און פּאָמעראַנצן,
און זי וועט אין אָוונט־צייט נאָך מער זיך צעגלאַנצן
מיט אירע זילבערנע שטראַלן.
קיינער וועט מער קיינעם נישט באַפאַלן
נישט בייטאָג, און נישט ביינאַכט, —
די ערד וועט צעעפענען איר טראַכט,
און אונדז געבן
גאָר אַן אַנדער מין לעבן, —
אָט וואָס עס וועט ווערן דערפון,
ווען מיר אַלע וועלן שפּאַנען צו דער זון!

# מיינע קאַראַוואַנען

יוסף מאָרגענשטערנ'ען

מיינע קאַראַוואַנען, —
נישט קיין קעמלען אין געשפּאַנען,
און נישט קיין באַנען, עראָפּלאַנען,
און אויך נישט קיין שיפן
איבער וואַסער־טיפן
געפירט פון הענט געניטע,
נאָר גלויבנס צעגליטע
פון יאָרידישע
יידישע
מענטשן,
וואָס בענטשן
מיט מיר אַ מזומן,
און זאָגן נאָך: אָמן
דאָ און דאָרט
צום יידישן וואָרט.

מיינע קאַראַוואַנען, —
יידן אין געשפּאַנען
איבער אַמעריקע,
וואו עס שלאָגט מיט היסטעריקע
דורך נעכט און דורך טעג, —
זיי העלפֿן טראָגן מיין געפּעק,
ווי מען טראָגט אין זיך אַ תּפילה.
אין אָוונטן שטילע

אָ, האַרציקע, געטרייע קאַראַוואַנען!
ווי גרינגער ווערט דאָס שפּאַנען
מיט אַזעלכע, ווי איר אויף די וועגן, —
עס שיינט דער מאָרגן אַ ליכטיקער אַנטקעגן
מיט אייך אויף די וועגן!

# וואָלט איך אַ ייִנגערער געווען

אין פּאַטאַלומאַ האָב איך נישט איין מאָל זיך פאַרטראַכט
מיט בענקשאַפט צו די קוטשעראַווע בערגלעך אַרום קיסקאַ,
און אַז איך ליג אין מיין גויאַרקער בעט פאַרטראַכט,
גייען אויף פאַר מיר די שיינקייטן פון סאַן־פראַנציסקאַ.

און זינט עס איז באַפאַלן אונדז פאַררעטעריש יאַפּאַן
איז דאָך צעפיבערט און צעברויזט מיין יעדער אבר, —
מיט אַלצדינג, וואָס איך קאָן און וואָס עס איז אין מיר פאַראַן
העלף איך דאָך גראָבן פאַרן שונא אונדזערן אַ קבר.

פאַר דעם יאַפּאַנער און פאַר דעם מערדערישן נאַצי־דייטש,
און אויך פאַר מוסאָליניך, — זייערביידעמענס פאַרמיטלער!
זעט, זעט, — מיין אַרעם איז דאָך איצט אַ פייערדיקע בייטש
אויף אַלצדינג, וואָס דערמאָנט דעם נאָמען: היטלער!

באַגעגן איך וואו אַ סאָלדאַט, און זע איך אַ מאַטראָז,
איז ווי איך וואָלט באַגעגנט מיינע ליבסטע ברידער, —
איך טרינק מיט זיי צוזאַמען איצט דעם זעלבן כוס, —
איך זינג מיט זיי צוזאַמען איצט די זעלבע לידער!

וואָלט איך אַ ייִנגערער געווען אַצינד, וואָלט איך מיט זיי
דעם זעלבן מאַרש געגאַנגען קעגן אונדזער שונא,
נאָר אַז די שלייפן זיינען שוין באַדעקט מיט שניי,
לאָזט מען צו דעם שלאַכט־פעלד שוין נישט צו אַזוינע!

# לחיים, יידן!

אַ דאַנק דיר, מזל מיינס, פאַרן ביסל היי און שטרוי,
וואָס איז ביי דיר געבליבן דאָ און דאָרט פאַר מייגעטוועגן, —
און שעה פון פראָסט און ווינט און אומעטיקן גרוי,
צעפלעמען זיי זיך העל און העלער מיט אַנטקעגן!

אַט איז דאָך איצט דאָס גאַנצע לאַנד געוואָרן שוין מיין שטאָט,
און אויך די לענדער אונדזערע אַרום אין שכנות!
וואו האָט דען נישט געטראָטן שוין ביז איצט מיין טראָט,
און וואו האָב איך שוין נישט געבענטשט, וואָס שיין איז!

און שיינקייטן זיינען דאָך אַ סך, אַ סך פאַראַן, —
מען דאַרף זיי נאָר דערזען און דערשפּירן וועלן!
נישט דווקא דורך די פענצטער פון דער לויפנדיקער באַן,
נאָר אויך אויף אַלע גוטע מענטשנס שטילע שוועלן!

— גוט מאָרגן, חבר, — איז וואָס זשע קאָן איך פאַר דיר טאָן?
אַ טרונק? אַ בייס? אָדער גאָר אַ בעט צום שלאָפן?
דער וועג טוט שבת־יום־טובדיקע קליידער אָן,
ווען טירן איבער שוועלן ווערן פאַר דיר אָפן!

— נו, וואָס זשע איז אַט דאָס שליחות? וואָס געבראַכט?
אַזוי, אַזוי, געבראַכט אַ היימיש וואָרט אויף יידיש?
דערוואַרעמט ווערט דאָס האַרץ, און אויפגעוואַכט, —
מען זיצט שוין אַרום טיש, ווי שבת ביי אַ קידוש.

אַ ליד גייט אויף צעציטערט און באַהאַרצט אין לופט, —
עס בינדט צונויף דעם נעכטן, היינט און מאָרגן.
דאָס ליד דערמאָנט, ברענגט מיט, זאָגט אָן און רופט, —
פאַראַן אַזוי פיל זאָרגן אַרום אונדז דאָך צו באַזאָרגן!

לחיים, יידן! — לחיים פאַר דעם היימיש יידיש וואָרט,
וואָס איז געקומען אונדז דערוואַרעמען, דערמאָנען!
און פּלוצלונג קריגט דאָס ברויט דעם טעם פון טאָרט,
און פּנימער צעפלאַטערן זיך, ווי פלאַטערדיקע פאָנען!

— לחיים, יידן! — לחיים צו דעם היימישן און ליבן קלאַנג,
וואָס שלאָגט שוין איצט אַזוי באַ׳טעמט פון יעדנס גומען, —
די שטוב ווערט פול און פולער נאָך מיט ווערטלעך און געזאַנג,
און אַזאַ ליבשאַפט טראָגט זיך צו דעם גאַסט, וואָס איז געקומען!

# קיין עין הרע!

די שטוב איז אויפגערוימט, די לאָמפּן העל צעשיינטע, און
אַט אַזוי רעדט מען און מען שמועסט און מען זינגט אויף יידיש,
נאָר מערער נאָך ווילן אַלע, אַלע אויסהערן דערפֿון,
וואָס דער גאַסט, דער חשובער, דערציילט אויף חידוש.

— אַזוי, אַזוי, קיין עין־הרע, די יידן אין נויאָרק,
און אויפֿן לאַנד דאָך אויך, — אונדזערע אַמעריקאַנער!
אַן אייגן ביסל האָב און גוטס, לעבט מען נישט אויף באָרג,
און אויך אַזוי די יידן די קאַנאַדער, די יידן מעקסיקאַנער!

פֿון מאָנטרעאָל, דעטרויט דורך שיקאַגאָ אַזש קיין וויניפּעג,
דערנאָך קיין דענווער און לאָס־אַנגעלעס און דאַלאַס, סאַן־אַנטאָניאָ, —
עס טראָגט אַ יידישער קולטור־שליח אום זיך מיט געפּעק,
און זעט דאָס לעבן אונדזערס קלאָר ווי אויף זיין דלאָניע.

ער ברענגט אַ גרוס, און פֿירט אים באַלד שוין אויף צוריק, —
אַ שווערס איז דאָס געפּעק פֿון צייט צו צייט אַפֿילו,
נאָר אונדזער יידיש וואָרט איז אַ וואונדערלעכע בריק
צווישן מאָסקווע און נויאָרק, — זי ציט זיך אַזש קיין טשילע.

פֿון דניעפּער ביזן האָדסאָן, פֿון סענאַ ביזן יאַנצע און בידזשאַן,
עס גייט דאָס יידיש וואָרט אויף אַנגעלאָדן און מיט אַלע פֿאַרבן.
וואו נאָר אַ ישוב איז אויך אַ ייד, אַן אונדזערער פֿאַראַן,
כאָטש ווינטן שטורעמדיקע זוכן אָפֿט אים צו פֿאַרדאַרבן.

פֿון אונטער נאַצי־קנאָפּל דורך די דיקע, גרויע געטאָ־ווענט
גייט אויף זיין קול אַ צאַפּלדיקס פֿון אונטער די רואינען, —
דורך העליש פֿייער אין דער גאַנצער לופֿט צעברענט
זוכט אונדזער יידיש וואָרט אַן ענטפֿער צו געפֿינען!

— אַזוי, אַזוי, — דאַנקט מען דעם שליח האַרציק און
גרינגער ווערט שוין אויף די פּלייצעס דאָס שליחות, —
עס גייט נישט אונטער איבער אונדזער וואָרט די זון,
זי שיינט מיט אַלע פאַרבן איבער אונדזער יחוס!

די צווייגעלעך אָפּגעבראָכענע, נאָר ציען זיך צום שטאָם, —
דער שטאָם, — דאָס איז דאָך אונדזער לשון־יידיש,
נישט נאָר דורך בערג און טאָלן, נאָר אויך דאָך איבער ים, —
מיר גייען אויף אין טרויער און אין פרייד, דער וועלט אויף חידוש!

# סי-סי!

אַלץ ניי און פרעמד, — די לופט אפילו איז נישט היימיש,
דאָס גאַנצע צימער, ווי אַן אויסטערלישער אוזאַר, —
אַ פרויען־פּנים קוקט פון אַ בילד הכנעהדיק, בהמהש,
און לעבן איר אַ באַצאַראַפּעטער, באַוואַנצלטער סעניאָר.

נו יאָ, ווען אַלצדינג אַרום דיר איז ניי און פרעמדלעך,
נעם פיל עס אַן מיט אייגן, אַלטן האָב און גוטס, —
מיין מאַמע פלעגט פאַרלאַטן מיינע אַלטע העמדלעך,
זאָגנדיק דערביי: אַן אַלטס קומט אויך צונוץ.

אַ דאַנק זשע דיר, מיין ליבער, גוטער פעטער עליע,
וואָס האָסט אין מיין זכרון פּלוצלינג אויפגעוואַכט, —
עס איז, ווי וואָלטסט אַרונטער פון דער סטעליע,
און מיר אין פּנים פריילעך זיך צעלאַכט.

— וואָס מאַכט איר פעטער? זעט נאָר, זעט נאָר אייער בערדל, —
אַ פלאַנטערדיקער קנופּ, און נישט קיין באָרד!
—אַ דאגה, — זאָגט ער, — עס שלעפּט זיין פערדל
זיך מיט אים אַרום אַזוי פון אָרט צו אָרט.

— אַהער אויך מיטן פערדל? — לאַך איך זיך פאַנאַנדער,
און ער צעשמייכלט זיך, און טוט דעם לאַנגן האַלדז אַ צי,
ווי ער וואָלט זיך געלאָזט שוין אין אַ נייעם וואַנדער,
און פון זיין מויל טוט זיך אַ יאָג דאָס וואָרט: — סי־סי!

אָפּגעזאָגט דאָס וואָרט, אַ לאַך געטאָן און שוין פאַרשוואונדן,
ווי פעטער עליע׳ס טבע איז שטענדיק דאָך געווען,
און אין זכרון האָט אַ קנופּ זיך שטיל צעבונדן,
אין לעבן איצטיקן האָב איך פאַרגאַנגענס אויך דערזען.

ווי אויסטערליש עס זייַנען דאָ אין צימער די אוזאָרן, —
אַן אַדלער אויף אַ קאַקטוס מיט אַ שלאַנג אין פּיסק, —
ווען פּעטער עליע איז פון מעקסיקאָ געקומען נאָך אַזוי פיל יאָרן,
האָט אויפגערודערט דאָך מיט אים דאָס גאַנצע שטעטל טריסק.

געטומלט האָט מען אויפן מאַרק זיך ביי אַלע שטעלן און די קלייטן,
און שבת ביי דעם דאַוונען אויך אין דער אַלטער קלויז,
און ער? — גאָטס ערד איז אַ באַזעצטע, ווי מיט קווייטן, —
מדינהלעך, מדינות, — גאָטס ערד איז קיילעכדיק, און גרויס.

— דו נעמסט אַ שיף און פאָרסט ביז גייסט אַרונטער,
און אַז דיר ווילט זיך, בענטשסטו גומל און ווינטשסט זיך: אין אַ גוטער שעה,—
די זון גייט אויף צו שחרית, און צו מנחה גייט זי אונטער,
און גאָט איז אומעטום, און איבער אַלצדינג מיט דיר דאָ.

—נו יאָ, נאָר ווי זשע ווערט אַ טריסקער ייד אַזש קיין מעקסיקאָ פאַרפלויגן?
און געלעבט האָט אַזאַ ייד אין אָט דעם ווייטן לאַנד דאָרט, ווי?
געפרעגט האָט יעדערער, און ער? — אַ שטילן פינטל מיט די אויגן,
און גלייך נאָך דעם אַ וואָרט, אַן אויסטערלישס אַזאַ: — סי־סי!

— סי־סי, סי־סי, — אַזוי אַ רעדט דאָך איצט צו מיר דאָס מיידל,
וואָס רוימט דאָס צימער אַזאַ שמייכלבדיקע איצט פאַר מיר דאָ צו, —
נישט פרעמד דאָס לשון אירס איז שוין צו מיר, און אַזוי איידל
קלינגט עס פאַר מיין אויער, און שפרייט מיט רו.

— ווי הייסטו, מיידל שיינע? איך וויל דיין נאָמען וויסן, —
פרעג איך אויף מיין יידיש לשון שטיל ביי איר, און זי?
אַזאַ וואָרעמקייט הייבט אָן פון אירע שוואַרצע אויגן פליסן,
און אירע ליפּן מורמלען אַזוי חנ׳עוודיק: סי־סי.

# שיינע, קליינע פרויענפּים

שיינע,
קליינע
פּרוינעפּיס
אין לעדערנע סאַנדאַלן
פאַלן
ווייך און זיס
אויף וואָס סע נישט איז.
איך ווייס, אַז אויף אַ טעפּיך
וואָלט געווען באַקוועמער!
אָבער פונדעסטוועגן שעפּ איך
פולע עמער
שיינקייט
און ריינקייט
פון שיינע,
קליינע
פּרויענפּיס
אין לעדערנע סאַנדאַלן,
וואָס פאַלן
אַזוי ווייך און זיס
אויף וואָס סע נישט איז.

# פאַרטאָג

דער ברייטער טייך האָט זיך געיאָגט, געיאָגט,
נאָר קיין שיפל איבער אים האָט נישט געציטערט.
דער ווינט האָט אויפן פעלד דאָס גראָז געלאָקט,
נאָר קיין פי האָט איבער דעם זיך נישט געפיטערט.
די נאַכט האָט נאָך זיך נישט געהאָט געזעגנט,
נאָר אַ וואָלקנדל אין מזרח האָט שוין דעם טאָג באַגעגנט
מיט אויפגעלויכטנקייט אַרום די ברעגן.
נאַכט און טאָג זיינען זיך געגאַנגען שטיל אַנטקעגן,
און אויסגעמיטן איינס דאָס אַנדערע צו גריסן,
איינס דאָס אַנדערע צו לאָזן וויסן,
אַז מען נעמט זיך איבער,
נאָר גראָז און בוים האָבן אָנגעהויבן בציבור
צו שעפטשען אַזאַ שטילע
תפילה
צו דער אויסגעלאָשענער לבנה,
און צו דער ליכטיקער מתנה
פון
דער זון.

# אונדזער יחוס

אונדזער יחוס
איז דאָס שליחות,
וואָס מיר טראָגן פאַנאַנדער.
און זיינען מיר אין וואַנדער,
ווייל די אַדרעסן
פאַרגעסן
אויף אַ וויל,
איז וואָס איז אַן איבעריקער מייל
פאַר גייענדיקע טריט?

צעהעלט און צעגליט
איז דאָס שליחות
פון אונדזער יחוס
אין דיר,
און אין מיר.
עס וועט געפינען די טיר,
עס וועט געפינען די שוועל,
און לויטער און העל,
און קלאָרער פון קלאָר
וועט אויפגיין די וואָר
פאַר אונדזער לעבן אַט דאָ,
ווען מיר וועלן גרייכן די שעה,
וואָס מיר זוכן אַרום.

קום, קום,
איבער ערד,
דורך דער לופט,
איבער ימען!
מיר ווערן דערהערט,
אונדזער רוף איז צערופט, —
מיר וועלן צוזאַמען
געפינען!

איצט זיינען איבער רואינען
אונדזערע זוכנדיקע טריט,
אָבער מיר זיינען נישט מיד
צו גיין ווייטער און ווייטער.
ערגעצוואו
ביי אַ שייטער
וואַכט די רו
צעליכטיקט, צעהעלט,
און כאָטש דער וועג
איז מיט שטיינער פאַרשטעלט,
און אונטערן געיעג
פון אונדזערע זוילן
קרעכצן די גרוילן
פון אונדזער איצטיקן לעבן,
איז זכיה אָפּצוגעבן
זיך אַליין פאַר אַ קרבן.

אַזוינער, אַז ער שטאַרבט,
איז ער דאָך נישט געשטאָרבן,
ווייל אַזוינער אַרבט,
און לאָזט איבער צו אַרבן
נאָך זיך גאַנצע סטויגן מיט גאַרבן
פאַר די קומענדיקע דורות
אויף שפּעטער, אויף שפּעטער.
אַזוינער שיינט ליכטיקער פון מנורות, —
ער אַליין איז אַ פלאַמיקער שייטער, —

די אויסשטראַלונג פון געטער!
אַזוינער גייט ווייטער און ווייטער,
ער ווערט יעדן טאָג אַ באַנייטער,
און ער שטעלט זיך נישט אָפּ!
זעט, זעט, — שוין גרוי איז מיין קאָפּ,
נאָר דאָס האַרץ איז צעגליט,
און די פיס נאָך נישט מיד
מיך צו טראָגן אין מיין וואַנדער.
זעט, זעט, — איך טראָג אַלץ פאַנאַנדער
דאָס ליכטיקע שליחות
פון אונדזער לויטערן יחוס!

# פון מײַן גאָרטן

איך זינג דאָס געזאַנג פונעם היימישן גאָרטן, —
די בייטן, — אַמאָל צעטראָטענע, אַמאָל צעבליטע.
געוויקסן פּשוטע און נישט קיין צופיל סאָרטן,
נאָר מענטשן ארום זיי צעברויזטע און צעגליטע,
וואָס ווערן קיינמאָל נישט קיין מידע דאָרטן.

דערפאַר אַזעלכע פּראָסטע מײַנע זינגענדיקע ווערטער,
ווייל פּראָסט גייט אויף דורך זיי דאָס לעבן.
וואָס איינער זאַפּט אַריין, אַזוינער ווערט ער,
און דער וואָס זאַפּט אַריין דאָס לעבן,
ווערט פונעם לעבן אַ דערהערטער.

דער גאַנגעס איז אַ שיינער טייך מסתּמא,
נאָר מײַנער איז דער טוריע אין אוקראַינע,
פון אים האָט דאָך געזונגען שטיל מײַן מאַמע,
און אין זײַן קילן וואַסער האָט פריע יוגנט מײַנע
זיך אָפּגערוט פון דער בבא מציעה, און דער בבא קמא.

אַ שיינער טייך איז אוודאי אויך דער יאַנצע,
נאָר אייגן איז מיר איצט דאָך אונדזער האָדסאָן, —
אַמאָל האָב איך צום טוריע געזונגען, ווי איוואַנציע,
היינט מורמל איך בלחש מײַן תּפילהדיקן יהי רצון
צו די שפּילעוודיקע וואַסערן פונעם האָדסאָן.

איוואַנציע, — דאָס איז דאָס פעלד מיט ווייץ און קאָרן
צעכוואַליעטן און גאָלדענעם, — דאָס איז דער שייער
מיט דעכל שטרויענעם, — דאָס איז דער האָרן
פון וואַלד־וועכטער אין אָוונט, — דאָס איז דאָס פייער,
וואָס שיינט און גליט אויף מײַנע קינדער־יאָרן.

די מאַמע, — דאָס זיינען זאָרגן, צאַרטע, שטילע
פאַר זונדל אירן, — איר קדישל, איר עולם־הבא,
וואָס האָט אַ קעפּל נישט קיין שלעכטס אַפילו,
נאָר נישט געראָטן אינעם זיידן הערשל גבאי,
און נישט אין טאַטן יצחק לייבן, דעם בעל־תּפילה.

און אונדזער האָדסאָן, — דאָס איז נויאָרק ביי זיינע ברעגן, —
די שטאָט, וואָס האָט מיך אויפגענומען און מיך אויסגעפּאַרעמט.
ווי אייגן זיינען מיר די טורעמס צו די הויכן דאָ אַנטקעגן!
און אויך אין זונליכט און אין גרינס בין איך דאָ נישט פאַראָרעמט, —
אַ באַנק אין יעדן פּאַרק, די זאַמדן ביי דעם ים־ברעג פאַר מיינעט וועגן!

און אַז איך טראַכט פון לעבן מיינעם מיר אַהינטער,
איז דאָס אַ גאָרטן אין וועלכן איך פאַרמאָג אַ שטיקל חלק.
עס וועט פון זומער מיינעם בלייבן עפּעס אויפן ווינטער,
און כאָטש עס זיינען די געוויקסן מיינע נישט אומציילּיק,
איז דאָך פאַראַן אויף וואָס אַ קוק צו טאָן אַהינטער.

און גוט איז מיר די בליקן מיינע אויף זיי צו לאָזן פאַלן,
און וואויל איז מיר פון זיי צו טראַכטן ביי דעם אָוונט־שייטער,
עס הירזשען אַלץ נאָך אומרואיקע די פערד אין מיינע שטאַלן,
זיי זיינען גרייט אַ טראָג צו טאָן מיך אויך איצט נאָך ווייטער,
כאָטש פון מיין הימל הייבט דער שניי שוין אָן צו פאַלן.

און ווילט זיך מיר אַ זינג טאָן האָב איך אייגן לעבן,
און איך באַדאַרף ביי קיינעם דאָך קיין טאָן נישט באָרגן,
אַן אייגן שטיקל גאָרטן, — איז דאָ פאַר זיך, און אויך אַוועק צו געבן.
מיין נעכטן אין מיין היינט און דעם היינט אין גאַנג צום מאָרגן
וועל איך מיט כשר־פעדעם אייגענע פאַרוועבן.

# שאַבלאָן

ווערטער אָפּגעריבענע, שאַבלאָנע,
ווען זיי קומען מיט אַ לויטערע כוונה,
זיינען, ווי אַלטמאָדישע זיידעס־באָבעס,
וואָס ברענגען דיר פרישע עפּעלעך אויף שבת.

וואָס וועט דיר דער גאָלדענסטער לעפל
אַרויסשעפּן פון אַ שעפל
ווען אין דעם איז גאָרנישטאָ?
עס וועט נישט העלפן דאָס מישן
ביז אַרונטער צו דעם דנאָ
אין די טיפסטע טיפענישן,
ווען דאָרט איז גאָרנישטאָ.

דער ים איז טיף,
נאָר טיפער איז דער בריוו
מיט דיינע ווערטער פשוטע, שאַבלאָנע
וועגן דער בלאָסער, זילבערנער לבנה,
און דיין בענקשאַפט צו האָבן מיך
איצט לעבן זיך.

אין דער טיפעניש פון ים שווימט אַ פיש
מיט גאָלדענע פליצפעדערן,
איז ער אוודאי אויסטערליש
פאַר יעדערן,
נאָר אויסטערלישער פאַר מיר
וואָלט איצט געווען צו זיצן לעבן דיר,

און אויסטערלישער זיינען די שאַבלאָנע
ווערטער איצט צו מיר וועגן דער לבנה, —
איך דאַוון איצט זיי מיט דערהויבענער כוונה,
און גאָרנישט אויף דער וועלט איז איצט מיר אַזוי טיף,
ווי יעדעס וואָרט דיינס אין דעם בריוו.

# פאַר גאָר אַ נייע עדה

שלאָף איך? צי בין איך בלויז אין דרימל?
לבנה קוקט צו מיר, — דער גאַנצער הימל
חנדלט זיך צו מיר מיט שטערן
און איך, ווי אַן אַנגעצונדענער לאַמטערן
באַלייכט און באַהיט
אַמאָל די אייגענע טריט
און אַמאָל די טריט פון יענעם,
אָבער נעכטן האָב איך אויפגעפּלאַמט ווי אַ גיהנום!

נעכטן האָט אַ ייד מיט אַ דימענט אויפן שניפּס
און אַ פּנים האַרט ווי גיפּס,
אַ וואָרף געטאָן אַזוינע האַרטע ווערטער צו מיר
אויף דעם שוועל פון זיין טיר.

— מצבה־שטיינער לזכרון
די פאַרגאַנגענע יאָרן
איז אפשר נאָך כדאי, —
אָבער אלמאי
זאָל אַזאַ ווי איך
צערייסן זיך די שיך
און דערצו בין איך נאָך אים מטריח
אָך ווייסט דער ריח!

הינטער אים אַ צימער באַטעפּיכט און באַשפּיגלט.
דורך דער ראַדיאָ איז אַ סאָפּראַנאָ צעציקלט
וועגן דעם, אז בלויז די שעה
איז דאָ

און גאָר נישט גאָר נישט מער.
און ער
נעמט פילאָסאָפיש זיך צעקלאָגן
און ער זאָגט צו מיר אַזוי צו זאָגן:
— איין דור פאָרט דעם אַנדערן אַריבער,
און בלייבט עפּעס איבער
איז דאָס סיי ווי נישט מער ווי בלויז אַ נוצלאָזע כלי
אַ מצבה־שטיין אויף דעם? נו, מילא...
אָבער אָנפילן זי מיט נײַעם ווײַן?
צו וואָס? פאַר וועמען?

ווי אַזוי זשע האָב איך דאָס כרוקען פון אָט דעם שוויין
געקאָנט אויסהערן און רואיק דאָס פאַרנעמען
און אים נישט זאָגן וואָס איך האָב געזאָגט?
און אַז ער האָט מיך פון זײַן שוועל געיאָגט
מיט אַן אויפגערייצטן באַדימענטיקן פינגער
האָב איך דערפילט זיך גרינג און גרינגער,
ווען איך האָב אים אָנשטאָט אַ גוטע נאַכט
אין פּרצוף זײַנעם הויך אַרײַנגעלאַכט.

שלאָף איך? צי איך דרימל?
לבנה קוקט פון הימל
און אַרום איר אַזוי פיל שטערן
און איך, דער אָנגעצונדענער לאָמטערן
בין פּונקט ווי זיי צעהעלט, צעשײַנט.
זעט, זעט, איך פיר דעם נעכטן צו דעם הײַנט
און מאָרגן וועלן דאָך זיי ביידע
אויפשײַנען פאַר גאָר אַ נײַע עדה.

# אָ מענטש, אַ שיינעם דאַנק!

דורך דער שויב פון דעם לופטיקן וואַגאָן
שיכורט דיין אויפגעריסענער בליק זיך אָן
מיט אַלערליי שיינקייטן פון בערג און טאָלן.
און אַז שיכור איז ביי דיר דער בליק
זעט ער שוין אין די בערג־שפּיצן קופּאָלן
אונטער וועלכע עס באַהאַלט זיך אויס דיין גליק
נאָך וועלכן דו יאָגסט זיך,
און שלאָגסט זיך,
און גרייט ביסטו זיך ווייטער יאָגן,
און שלאָגן.

מיין וואַגאָן
לויפט קיין סיאַטל־וואַשינגטאָן,
און איך וויים נישט וואָס צו טאָן
מיט אַזוי פיל שיינקייטן, וואָס בליצן דורך דער שויב.
— אַ דאַנק און אַ לויב!
— אַ דאַנק און אַ לויב!
דאָס רייסט אַזוי זיך פון געמיט
אַן אָנהייב פון אַ ליד
צו די אָפענע און אויסגעשפּרייטע טאָלן,
צו די בערג־שפּיצן, — די קופּאלן
אונטער וועלכע מיין גליק באַהאַלט זיך אויס.
— גליק, גליק, קום אַרויס,
ווי לאַנג וועסטו אין באַהעלטעניש זיך שפּילן?

הער, הער, עס דרייען זיך די פליגל פון די מילן, —
דאָס מאָלן זיי דאָך זעמל־מעל פאַר דיר,
וואָס איך וועל ברענגען צו דיין טיר
אויב איך וועל זי נאָר געפינען!

דעם מענטשנס האַרץ איז שטענדיק גרייט צו דינען
אויב עס איז נאָר דאָ צו וועמען!
זע, זע, אַזוי פיל זוכעניש אונטער מענטשנס ברעמען,
אַזוי פיל זוכעניש אין מענטשנס טראָט!
ווער עס זוכט אַ גאָט,
כדי צו אים זיך צו פאַרשקלאַפן,
און ווער עס זוכט אַ האַפן
זיין שיף צו אַנקערן ביים ברעג.
יעדער, יעדער אויפן וועג
מיט בענקשאַפט אין די בליקן.
אַ, וויפל בריקן
איז מיין באַן שוין דורכגעלאָפן?

אַ הערש איז פונעם באַרג צום טאָל געלאָפן, —
איצט זוכט דער אומרו אין זיין בליק
דעם וועג צום באַרג צוריק.
דער הערש, ווי יעדער,
און אויך מיין באַן, וואָס האַלט כסדר
אין איין שטייגן און אין פאַלן.
די זון וואַרפט גאַנצע סנאָפּעס שטראַלן,
וואָס ברעכן זיך אין וועג פאַנאַנדער, —
יעדער שטראַל אין וואַנדער, —
אַט אויף באַרג און אַט אין טאָל,
און מיט אַמאָל
טוט ער זיך גאָר אַ וואָרף, אַ הויב
צו דער לויפנדיקער שויב
פון מיין וואַגאָן.

נו, וואָס זשע זאָל איך טאָן
מיט דער אויפגעזונגענקייט אין מיין געמיט?

אָט, זיץ איך און זינג אַ ליד
צום מענטשן־מין, וואָס האָט געקאָנט באַווייזן
אַ צי צו טאָן אַ נעץ פון שטאָל און אייזן
איבער בערגיק־ריזנדיקע שפּיצן,
כדי אַ מענטש זאָל קאָנען זיצן
אין אַ לויפנדיקן וואַגאָן
אויפן וועג קיין סיאַטל־וואַשינגטאָן,
און קוקן דורך דער שויב.
— אַ דאַנק און אַ לויב!
— אַ דאַנק און אַ לויב!
צו זיצן אָטאָ דאָ איז אַ וואונדערלעך געשאַנק, —
אַ מענטש, אַ שיינעם דאַנק!

# וויי, וויי!

וויי, וויי,
וואָס וועט זיין מיטן פאַרזיי
פון אונדזערע באָבעס און זיידעס?
מיר זיינען איצט די עדות
פון אַ מעכטיקן פאַנאַנדערפאַל,
און טאָמער באַווייזט זיך אַ שטראַל
און וויל זיך דערבאַרעמען,
און דערוואַרעמען,
גייען מיר אים אַנטקעגן
איבער אַלע וועגן,
ווי אַ כוואַליע־געברויז,
און לעשן אים אויס!

אונדזער פעלד איז אויך הפקר געלאָזן,
און געוויקסן ווערן צעבלאָזן
פון יעדן פאַרביילויפיקן ווינט.

זעט, זעט, — עס גרינט,
אָבער בלינדע זיינען פאַר דעם די אויגן, —
נישטאָ קיין הענט, וואָס זאָלן אין סטויגן
צונויפליייגן די געוויקסן.

מיר אונטערן פייער פון ביקסן,
אָבער וואו זיינען די היטער
פונעם וואַסער און פיטער

פאַר אונדזערע פּי?
זעט, זעט, — עס פאַלן אונדזערע קי
מיט נישט קיין געמאָלקענע הייטערס
צוזאַמען מיט אונדז אויף די שײַטערס!

ווײַ, ווײַ! —
אָבער אויך דאָס געשרײַ,
וואָס גייט אויף אַמאָל צעוואָרעמט,
און דערבאַרעמט,
ווערט בײַ אונדז פאַרשריגן און פאַרליאַרעמט!

# דאָס ליד פונעם פּוסגייער

דער ווינט איז אַ צעבאַלעוועט קינד
מיט קעפּל פּאַרריסן, און צינגל אַרויס
און אַ כוח, וואָס שלאָגט פון דעם בלינד.

וואָס אַרט דעם אַ היטל, אַ ביימל, אַ פּלויט?
ער רייסט מיטן דאָרן אַרויס אויף די רויז,
און וואַרפט ביידן אין שויס פונעם טויט.

דער ערד איז ליבערשט דעם פּוסגייערס טראָט,
וואָס לאָזט איבער צייכנס אויפן רוקן ביי איר,
און יעדער פון זיי איז געבאָט און גענאָד.

נישט טרעט אויפן גראָז! דעם פּלויט נישט צעוואַרפט!
העלפט גרייכן דעם קינד די קליאַמקע פון טיר!
קומט אַרייך, ווי צו זיך, אַז איר דאַרפט!

אַ רויכיקער קוימען, אַ גאָרטן, אַ פּלויט,
א מרוק פון א קו דורך שפּאַרונע פון שטאַל, —
עס שלאָגט מיט אַ רח פון מילך און פון ברויט.

דער ליבער פרימאָרגן, אַז ער טוט אַ צעגלי
טוען טירן און טויערן זיך ברייט א צעשפּראַל,
און עס זינגט אויפן קול אויף די מי.

אַ רידל עסט פרישטיק אַ שטיק זאַפטיקע ערד,
די ערד עסט דעם רידל אויף צעביסלעכווייז
און איינס פונעם צווייטן ווערט זאַט און דערנערט.

דער ווינטיקער ווינט אָבער איז פוסטאונפאַס, —
ער קאָן בלויז צוטרעטן מיט זיין פיפיקן שפּרייז.
אָט זעט, — ער טראָגט איצט מיין היטל אין גאַס!

היינט האָט ער צעוואָלגערט אַ ווייצענעם סטויג,
קוקט דער סטויג איצט פון געשניטענעם פעלד,
ווי אַ בעלמע אויף אַ נישט דערשלאָפענעם אויג.

דער ווינט, ווי אַ ווילד ראַספּאָלאָשעוועט פערד,
טראָגט זיך אום אָן אַ ציל אויף דער וועלט,
און נאָר ער צעברויזט, און נאָר ער צעשטערט.

דער ווינט איז אַ זוכער, — ווייס דער טייפל אים וואָס!
מיר איז ליבערשט דער וואָרצל, — ער זוכט, וואָס עס דאַרף
דער בוים און דער זאַנג און דאָס גראָז.

געבענטשט איז די שער פון דעם לויטערן שטאָל,
געבענטשט איז איר שאַרף, וואָס איז שאַרף,
ווען זי שערט פאַר אונדז ציץ, און לייוונט און וואָל.

געבענטשט איז דאָס מעסער, וואָס שניידט פאַר אונדז ברויט,
וואָס שאָבט אָפּ אַ מייער, אַ בוריק, אַ ריב,
וואָס שניידט פאַר אַ באָרשט אָן דאָס קרויט.

וואָס גיט אונדז דער כוח פון ווינטיקסטן ווינט
מיט זיין שטענדיק געיעג און אייביקן טריב,
אַז ער איז צום לעבן אַרומיקן בלינד?

סיידן אַ צוים אויף אים אָנטאָן, אַז ער זאָל פאָלגן אַ גאַנג,
ווי פערד צו דער לייצע, ווי אויטאָ צום ראָד,
און נישט בלויז צו אייגענעם ווילדן פאַרלאַנג.

אָבער דעמאָלט וואָלט ער נישט געווען, וואָס ער איז.
נישט קיין סטיכיע מער, נאָר געמאָסטענער טראָט
אינעם לעבן ביי אונדז פון אַ מעכטיקן ריז.

דעמאָלט, אַ דעמאָלט, אָבער איצט דאָ, דערווײַל ?
פיף־פאַף ! אָט אַהער, אָט אַהין
אין אומזיסטן, אומנישטן געיעג און געאײַל.

שוין ליבער דער פוסגייער, — זײַנע טריט
לאָזן צייכנס פון דאַנען אַהין און אַהין,
און יעדער צייכן איז אַ זינגענדיק ליד.

אַ ליד, וואָס דערציילט און זאָגט צו, —
עס שײַנט, ווי אַ צעהעלטער קאַמין,
און שפּרייט פון זיך רו.

# ביים קבר פון דוד עדלשטאַט

וואָלקנס וויקלען זיך אַרום שפּיצן פון בערג, ווי וואָלענע שאַרפן
אַרום די העלדזער פון זקנים, פאַרקילטע.
די זון פּרובירט נעצן פאַרוואַרפן
מיט שטראַלן געצילטע
צו מיינע טריט.
עס שפּילן זיך צעגליט
גאָלד און וויאָלעט
איבער אַ מצבה פון אַ פּאָעט,
און זיי פאַנגען מיין געמיט.
עס ווילט זיך אויפזינגען אַ ליד
צו דער שפּילעוודיקער שיינקייט אַרום מיר,
אָבער נישט קאָליר,
און אַפילו נישט דער קלאַנג
פון דעם אַרומיקן פויגל־געזאַנג
זיינען איצט אין מיר צערעדט.
איך שטיי פאַר דעם פּנים פון אַ יידישן פּאָעט,
וואָס איז אַריינגעקריצט אינעם קאַלטן שטיין פון אַ מצבה,
און איך פיל זיך, ווי די טויב פון נח׳ס תיבה,
וואָס האָט זיך פון דער מבולדיקער ערד
מיט אַ גרינעם צווייגל אומגעקערט, —
אַ סימן, אַז אונדזער לעבן איז נאָך אַלץ נישט פאַרצערט.

און עס וואונדערן זיך אוודאי
די ריזיקע בערג פון קאָלאָראַדאָ, —
עס איז זיי שווער צו באַנעמען
אויף וואָס און אויף וועמען

עס קוקט אַזוי דער מענטש, וואָס איז אַהער פון ווייטן געקומען.
אַנשטאָט מיט זייער גראַנדיעזקייט, איז זיין בליק פאַרנומען
מיט עפּעס אַ שטיינדל אינעם טאָל.
זיי הערן נישט אַפּנים דאָס לויטערע קול,
וואָס אָט דאָס שטיינדל פאַרמאָגט, —
אַ קול, וואָס זינגט און זאָגט,
וועקט און רופט,
און פילט אָן די לופט
מיט דינאַמיט.

אָט שטיי איך און לייען שטיל פאַר זיך אַ ליד, —
דוד עדלשטאַטס צוואה,
און לייענדיק נעם איך אָן הלוואה
פון זיין לויטערן גלויבן,
און די זון פון אויבן
ווערט גליענדיקער,
בריענדיקער
פון יעדן וואָרט, וואָס זי דערהערט, —
אָט באַלד, און אויפגעפלאַקערט איז די גאַנצע ערד!

„אַ גוטער פריינט, ווען איך וועל שטאַרבן,
טראָג אויף מיין קבר צו די רויטע פאָן!" —
אַ דוד עדלשטאַט, נישט אַלע רויטע פאַרבן
זאָגן היינט די זעלבע בשורה אָן!
נישט אַלע בינדן גאַרבן
אויף די פעלדער!
פאַראַנען אַזעלכע איצט, וואָס פאַרדאַרבן,
ווי רוצחים פון אוראַלטע וועלדער
אַלצדינג, וואָס איז אויפן וועג
צו אַ ליכטיקן ברעג! —
די סוואַסטיקאַ, וואָס טראָגט פאַרניכטונג און טויט
איז אויך איינגעראַמט היינט אין רויט!

איז עס נישט דער קאָליר
פון דער פאָן,

וואָס זאָגט די בשורה אָן,
נאָר דאָס, וואָס געצייכנט אויף איר!
עס איז דער הערב
פונעם האַמער און סערפּ,
וואָס איז צעפלאַטערט איבער דעם אַרבעטסמאַן
פון בירא־בידזשאַן
ביז לענינגראַד.
אָ, דוד עדלשטאַט,
וואָלסטו איצט געלעבט, וואָלסטו אויך זי צעווייט
מיט האָפענונג און פרייד!

ב.

איצט זיינען די בערג, ווי טורמעס צוגעמאַכטע,
די וואָלקנס איבער זיי ציען זיך פאַרטראַכטע, —
האָבן זיי דערהערט דאָס קול
פונעם שטיינדל אינעם טאָל,
און טראָגן איצט פאַנאַנדער
אַ נייעם אָנזאָג אין זייער וואַנדער?
אָדער זיי ציען זיך גלאַט אַזוי אַוועק,
ווי מענטשן אָן געפּעק,
וואָס בלאָנדזשען אום אין וועג,
און טראָגן מיט מיט זיך
בלויז די פיס, וואָס זיינען אין די שיך?

אָט שטיי איך און קוק אויף אַ פּנים, אַ פאַרטראַכטס,
וואָס נישט אָפּגעמעקט האָט די צייט פונעם גראַניט,
און איך פיל זיך, ווי אַ שבתצונאַכטס,
וואָס ווענדט שוין די טריט
צו דער גרויקייט פון דער וואָך.
איך פיל אַ האַרץ, וואָס האָט געפּלאַצט אונטערן יאָך
אויף די פּלייצעס פון אַ געפּייניקטער עדה,
איך זע פאַר זיך דעם מענטשן, וואָס איז אויף דער עקדה
פאַר אונדז אַלעמען געגאַנגען
אין עלטער פון זיבן און צוואַנציק יאָר.

איך שטיי געפאַנגען
צווישן חלום און וואָר.
איך קוק אויף דער מצבה אַרויף
און איך הער אַ וואָרט, — עס הויבט זיך אויף,
צעטראָגט זיך העכער פון די בערג, —
עס לאָזט זיך הערן
איבער מערק,
איבער סקווערן, —
עס גייט אַנטקעגן
די געפּייניקטע איבער אַלע וועגן.
די זון איז העל צעשיינט
— אַ גוטער פריינט,
ווען איך וועל שטאַרבן,
טראָג אויף מיין קבר צו די רויטע פאָן!

אַזוינע ווערטער אַרבן,
צינדן אָן
סיגנאַלן איבער דערפער און שטעט, —
איך שטיי ביי דער מצבה פון אַ יידישן פּאָעט,
וואָס האָט געקעמפט מיטן הונגעריקן קעגן זאַטן, —
איך בויג מיין קאָפּ צום קבר פון דוד עדלשטאַטן!

# ערגיצוואו!

דאָס לעבן שאַפט זיך אַליין איבער און איבער
עס ציט זיך צו עפּעס, וואָס ליבער
איז דעם, — עס צעשטויבט, און געבערט.
זעט, זעט, אונדזער ערד, —
זי איז נישט די זעלבע, ווי געווען,
נישט די זעלבע, ווי געזען
האָבן זי אונדזערע זיידעס

די לעבעדיקע עדות
ביסטו און בין איך!
נישט נאָר בייטן מיר די שיך,
און די קליידער אויף זיך,
נאָר אויך זיך אַליין!

וואָס נעכטן אַזוי וואונדערלעך שיין,
איז היינט שוין נישט דאָס.
זע, זע, אַ ביסל שטויב אויפן גלאָז
פון דער שויב אין מיין לויפיקן וואַגאָן
האָט פלוצלינג אָנגעטאָן
אויפן לעבן אַ מאַנטל פון גרוי.
וואוהין איז פאַרשוואונדן דאָס בלוי
פונעם הימל?

דרימל נישט, דרימל,
און לייג זיך נישט שלאָפן!
עס האָט שוין געטראָפן,
און עס וועט זיך נאָך טרעפן!
אָט נעם און טו גאָר אַ צעעפן
דאָס פענצטער אינגאַנצן,

און עס װעלן זיך צעגלאַנצן
אַזױ פיל נײַקײטן פאַר דײַנע בליקן,
אַז דו װעסט נישט װיסן װאוהין זײ צו שיקן
אַפריער.

װי פילט זיך אַ פליער
אין אַן עראָפּלאַן?
איך װײס נישט, — איך פאָר מיט דער באַן,
אָבער אױך דורך אירע שױבן איז אײביקער בײט.
דאָס װאָס שײן איז פון דער װײט
איז אין דער נאָענט נישט דאָס!

איך פאַררױכער אַ פּאַפּיראָס
און איך װאונדער זיך, װאָס מיט יעדן צי
איז אַ שטיקל פון אים שױן נישט הי.

נישט הי, אױ נישט הי, אָבער אַװאו?
ערגיצװאו!
ערגיצװאו!
ערגיצװאו!
אַזױ דו,
אַזױ ער,
אױ איך, —
די קאָסמישע לער
טראָגט אַלצדינג אין זיך!

# ואנחנו בשם אלהינו נלך

ואנחנו בשם אלהינו נלך, —
און אויב עס איז נישט פריילעך,
ווערט מען סיפּורי דאָך גיין,
ווייל בלייבן שטיין
איז פיל ערגער נאָך!

אוודאי איז דער יאָך
שווער אויף די פּלייצעס,
אָבער איז דען נישט בעסער פון לייצעס
זיך לאָזן פירן,
איידער זיך צו פאַרלירן
איינער אַליין אויפן וועג?

אוי טעג, מיינע טעג!
אוי נעכט, מיינע נעכט!
איר זענט אין שטענדיקן געפעכט!
היינט דאָ,
מאָרגן דאָרט,
און נישטאָ
אַזאָ אָרט
אויף די וועגן,
וואָס זאָל קומען אַנטקעגן
צו דיר איינער אַליין,
מען מוז דערצו גיין,
און גיין,
און גיין!

און אַפילו ווען דער וועג איז נישט פריילעך,
און שווער איז דער גאַנג,
איז אַלץ ואנחנו בשם אלהינו נלך
מיט דערהויבונג און געזאַנג.

# בלענדנדיקע בלענד

חיים קאטיליאנסקי'ן

זעט דעם טאָג דעם העל צעהעלטן,
ווי ער שפּרייט זיך ווייט און ברייט, —
טראָגט פאַר פאַר אָרעמסטע געצעלטן
פולע פּאַלעס העלע פרייד.
קליינע קינדער און אויך זקנים
עפענען די לאָדנס ברייט,
און קיין שרעק נישט מער פאַר קיינעם,
טאָג מיט זונשיין איז צעווייט.

און די נאַכט איז אויך צעצינדן, —
שטערן און לבנה־שיין,
שאָטנס טונקעלע פאַרשווינדן,
און מיט זיי אויך אונדזער פּיין.
אונטער בלעטערדיקעביימער
זינגט די ליבשאַפט הויך און ברייט,
ביי קיין טיר נישט מער קיין שומר
דיך מיט שפּיז צו שטעכן גרייט.

נישט קיין אונטן, נישט קיין אויבן,
אומעטום דער אויבנאָן!
ליבשאַפט, צוטרוי, העלער גלויבן,
יעדער טוט אַלץ, וואָס ער קאָן!
ערד, און ים און לופט און הימל
אין האַרמאָנישדיקער שפּיל
און ווי אַלעף־בית און גימל
קלאָר פאַר יעדערן זיין ציל!

הערט איר נישט די רייטער רייטן
איבער באַרג און איבער טאָל ?
הערט איר נישט פון ווייטע ווייטן
דאָס נייע בשורה׳דיקע קול ?
נויגט זשע, נויגט זשע צו דעם אויער,
און דאָס האַרץ אויך צו דערביי, —
בשורה קלאַפּט אין אונדזער טויער,
זאָגט אונדז, אַז מיר ווערן פריי !

ווען זשע, ווען זשע, ווען ?
ווען וועט דאָס געשען ?
דו און ער און זי, און איך
טראָגן דאָס אין זיך, —
בלענדנדיקער בלענד
איז אין אונדז אַליין געווענדט !

# מיר, די פאַרטריבענע

און אַז מען דערפילט זיך אַ פאַרטריבענער,
און אַליין געבליבענער
איז נאָך נישט קיין סימן, אַז מען איז אַליין.
גיי, גיי, און דו וועסט מיט דיין גיין
אַזוי פיל פאַרטריבענע געפינען.
זיי וועלן אויפגיין פון אונטער רואינען,
און זיך דערפרייען מיט דיר.

זע, זע, ווי אין דרויסן פון אַ צוגעמאַכטע טיר
שטייט אַן אָפּגעריסענער,
אַן אָפּגעשליסענער,
און רעדט צאָרנדיק דערהויבן,
און מיט אַזוי פיל גלויבן.

זיין קול, ווי אַן אָנגעשאַרפט מעסער
שניידט זיך דורך די פאַרשלאָסענע שלעסער,
און זעט, זעט, ווי די פאַרהאַנגען איבערוויניק ציטערן,
ווי פון געוויטערן.

דאָס קול פון דעם פאַרטריבענעם,
און אַליין געבליבענעם
הערט זיך נישט אויף צו טראָגן,
און עס זאָגט אַזוי צו זאָגן:
— איר, וואָס האָט אונדז פון אייערע טישן פאַרטריבן,

זענט אַליין איצט עלנטע געבליבן.
הערט, הערט, — איר האָט נישט מיט וועמען צו בענטשן אַ מזומן,
און איר מוזט ברומען
פאַר זיך אַליין ביחידות.
אָבער אייערע ווידוי׳ס
דעקן אויף אייערע זינדיקע מחשבות!
אייער שלעפן אויף קבר־אָבות
קלינגט ווי קאַטאָוועס
פאַר די מתים אַפילו!
אייער תפילה
בלייבט אָן אַ תיקון!

נישט איר וועט בויען בריקן!
אַפילו צום צוריק
וועט איר קיין בריק
נישט בויען!
איר קאָנט דאָך נישט מער, ווי בלויז „אויען״,
און „אָכן״ און „אַכן״.
און מיט אייערע פינגער בלויז פייגן דאָך מאַכן
צו די, וואָס צעפירן די הענט,
מישן צעמענט,
לייגן אַ פונדאַמענט, —
צו די, וואָס ציען אייזנשטאַנגען
מיט מונטערע געזאַנגען, —
צו די, וואָס צעזעגן ביימער אויף ברעטער.

איר זענט קיינעם נישט קיין מומע, קיין פעטער,
און אוודאי נישט קיין מאַמע, קיין טאַטע!
איר שלעפט די פיס, ווי אויף וואַטע
נישט דערפאַר, ווייל בלאָטיק איז די ערד,
נאָר ווייל אַ בלאָטקעלע ווערט
אומעטום, וואו איר שטעלט אייער טראָט.
איר שלעפט זיך אום אויף גאָטס באַראָט,
נאָר פון אַ גאָט איז ביי אייך קיין סימן נישטאָ, —
איר נערט זיך מיט דער שעה,
ווייל איר האָט נישט קיין בטחון אין דער צווייטער!

נישט איר וועט בויען דעם לייטער
צו די הויכע הויכן!
איר זענט די טשאַדנדיקע רויכן
פון חורבות צעאַשטע, צעשטויבטע, —
איר זענט די נישט־באַגלויבטע
פאַר וועלכע עס עפענען זיך נישט קיין געמיטער.

נישט איר וועט זיין די היטער
פון דעם גוטס, וואָס דער נעכטן האָט געלאָזן.
איר זענט די קאַלטע ווינטן, וואָס בלאָזן
דורך שפּאַרונעס פון אָרעמע געצעלטן.
איר זענט די קלאָג־מוטערס, וואָס שעלטן, —
די גיפט־מישער אין די בעכער!

שרייט! שרייט! גאַרגלט זיך העכער און העכער!
אַזוי האָבן אויך די נביאי־השקר
געזאָגט, אז זיי זיינען וועקער,
ווען זיי האָבן אויפן כרמל געליאַרעמט,
אָבער נישט אויף זיי האָט זיך גאָט דערבאַרעמט,
ווייל זייער ליגן האָט געריסן זיין אויער.

עס שלאָגט מיט טרויער
פון אייערע פאַרפוצטע געצעלטן!
נישט אומזיסט איז אייער שעלטן
אַזוי שנאהדיק,
און אַזוי קנאהדיק
אייער בלוט, —
עס איז געשען, אַז די רוט
אין די הענט פון די טרייבער
איז געפאַלן אויף זייערע אייגענע לייבער!

איר, ביי די טישן פאַרבליבענע
בענקט איצט נאָך די פאַרטריבענע,
און כדי אייער עלנט צו פאַרוויגן
ברומט איר מיט אַן אומעטיקן ניגון

אייערע ווידוי׳ס
פאַר זיך ביחידות,
און אַך סאַראַ אומעטיקער זמר, —
ער קלינגט, ווי דער וויג פון אַ ליידיקן עמער!

נישט איר וועט אַנטרינקען די לעמער!
זיי האָבן אַליין שוין צום קוואַליקן געטראַנק
געפונען דעם וועג אין זייער גאַנג.
און דאַרפן זיי לאַמפּן פאַר די אייגענע טריט
ווערן זיי אין די אייגענע רייען געשמידט, —
אַזוי אויך דער אויל, דער פלאַם און דער קנויט, —
מען ציט אַלץ פון אייגענעם בלוט, וואָס איז רויט.

# מאָרגן װעט דער רעגנבױגן

הײַנט קוקט אויף אונדז דער הימל אַזאַ האַרבער.
דער ווינט, ווי אַ לעמפּערט, אַ פֿאַרדאַרבער,
שטורעמט און ווירבלט, — איז גרייט צו פֿאַרצוקן,
אָבער בטחון הערט אַלץ נישט אויף צו קוקן
פֿון אונדזערע אויגן!

מאָרגן וועט דער רעגנבויגן
אויף אונדזער האָריזאָנט זיך צעקאָלירן,
און מיר וועלן אונדזערע טירן
צעפֿראַלן פֿאַר דער אָנקומענדיקער פֿרייד!

דער זייגער גייט,
און גייט,
און גייט,
און אין יעדע רגע טוט זיך אַ צעשלאָג
אונדזער בענקשאַפֿט דורך דער נאַכט צום טאָג,
וואָס וועט קומען צוגיין,
און אויסווישן דאָס געוויין
פֿון אונדזערע בליקן.

נישט די רויכן, וואָס שטיקן,
נישט דער הימל, דער האַרבער,
נישט דער ווינט, דער פֿאַרדאַרבער

קאָנען די ווייזערס אויפן זייגער אויף צוריקוועגס רוקן!
די אויגן קוקן,
קוקן,
קוקן,
און אַפילו, ווען מען וואַרפט אונדז אַנידער,
קוקן אונדזערע צעוואונדעקטע גלידער
מיט האָפענונג דורך דער נאַכט צום טאָג, וואָס איז אויפן וועג.

די לעצטע, אַנטשיידנסטע שלאַכט איז אין ווילדסטן געיעג
ביי אונדזערע טירן,
אָבער מאָרגן וועט זיך צעקאָלירן
פאַר אונדזערע אויגן
דער רעגנבויגן,
און מיר וועלן אין סטויגן
רייך און געדיכט
אונטער דעם טאָגיקן ליכט
צונויפשאַרן אונדזער פאַרזיי, —
ווי האָט געזונגען פראַנציס סקאָט קעי?
אין יענער שווערער, אויסגעפּרוואוטער שעה
האָט ער געזונגען, וואָס מיר זינגען אַלע איצט דאָ.

ב.

אָ, זאָג, קאָנסטו זען די שטערן, די שטרייפן אינעם פרימאָרגנבלענד.
וואָס מיר האָבן אַזוי גע׳יובל׳ט אין דער בן־השמשות־צייט?
ווען די שטורעמדיקע שלאַכט האָט זיך צעברענט,
האָבן מיר זי פון די טראַנשייען געזען פון דער ווייט!
דער ראַקעטנדיקער גלי, און דער שיס־דינאַמיט
זיינען געווען די סמנים, אַז די פאָן איז באַהיט!
אָ זאָג, איז אונדזער שטערנדיקע פאָן נאָך צעהעלט
אין לאַנד פון די פרייע, איבער דער היים פון דעם העלד?

די האָרדע פון שונא איז דורכן נעפּל געדיכטן
קוים צו זען אויפן ברעג, — זי האַלט דעם אָטעם אין זיך,
נאָר וואָס איז דאָס, וואָס אינעם בלאָז פונעם ווינט, אומגעריכטן

טוט אַ האַלב זיך אַן אַנטפּלעק, און פאַרשווינדט אין דער גיך?
אַהאַ, עס טוט זיך אַ צעשײַן דער פרימאָרגנדיקע גלי,
און אין איר גאַנצער שײנקײט עס טוט זיך אַ צעצי
אונדזער שטערנדיקע פאָן, — אַ לאַנג זײ צעהעלט
אין לאַנד פון די פרײַע, איבער דער הײם פונעם העלד!

זאָל לעבן אויף אײביק דער מענטש אין זײַן דראַנג
צו זײַן הײם, דער געליבטער, נישט מער אין קײן קריג.
געבענטשט מיט דעם זיג און אין שלום זאָל אויפגײן דער דאַנק
צום כוח, וואָס היט אָפּ דעם פאָלק און פירט אים צום זיג!
און זיגן מיר מוזן דאָך, ווײל גערעכט אונדזער טראַט!
זאָל זײַן אונדזער מאָטאָ: „דער גלויבן און גאָט!״
אָ, זאָלן די שטערן, די שטרײַפן זײַן אײביק צעהעלט
אין לאַנד פון די פרײַע, איבער הײם פון דעם העלד!

ג.

זײ וועלן לעבן, אָ פראַנציס־סקאָט־קעי!
און מיר אַלע וועלן לעבן מיט זײ!
עס וועט אויפגײן דער דופט
פון פרישן, געשניטענעם הײ
אין דער אָפּגערײניקטער לופט!
די מענטשן וועלן שפּעטער זיך וואונדערן, ווי אַזוי
מען האָט געלעבט אין דעם בײזן געוואוי
פון דעם ווירבלדיקן ווינט,
און בײזע, צעיושעטע הינט
אין די אויערן!

אָ, פאַרשלאָסענע טויערן,
פראַלט, וואָס גיכער זיך פאַנאַנדער
פאַר די, וואָס אין וויסטן וואונדער
זײַנען אין די איצטיקע נעכט, —
פאַר די, וואָס אין בלוטיקסטן געפעכט
זײַנען אין די איצטיקע טעג.
צעבראָכן זאָל ווערן די זעג

וואָס זענגט אונטער אונדזער שטאַם!
פאַרלאָשן זאָלן ווערן דער פלאַם,
און דאָס בראַנדיקע, פאַרצערנדיקע פייער
איבערן דאַך און די ווענט פון אונדזער שייער.
זאָל דער ליכטיקער טאָג, וואָס גיכער קומען צוגיין,
און אָפּווישן אונדזער בלוט אויף יעדן שטיין,
וואָס איז צעוואָרפן איבער דער ערד!

הערט, הערט,
עס לעבט אונדזער האָפענונג אויך איצט אַפילו,
און מיר וועלן דערלעבן צו שרייבן א נייע מגילה
פון היטלערן, וואָס וועט הענגען, ווי המן אויף אַ בוים!
עס איז די האָפענונג פון אונדזער נישט אויסגעלאָשענעם טרוים,
וואָס שלאָגט זיך דורך מיט זיין בלענד
דורך אַלע דיקסטע געטאָ־ווענט,
דורך תפיסות און פיינעדיקע לאַגערן!
אונדזערע קינדער וועלן באַגראַגערן
דעם וויסטן היטלער נאָמען,
ווי זייערע זיידעס דעם רשע המן!

זעט, זעט, ווי דער חושך, וואָס איז איצט אַזוי געדיכט
קאָן נישט פאַרלעשן די זון, די לבנה, די שטערן!
מיר נעמען אין אונדזער איצטיקער פּיין זייער ליכט,
און ווישן מיט דעם זיך די טרערן
פון אונדזערע אויגן.
מאָרגן וועט דער רעגנבויגן
זיך צעשפּילן און צעקאָלירן
ביי אַלע אונדזערע טירן,
און אויף אַלע אונדזערע שוועלן!
מאָרגן וועט זיך צעהעלן
די זון אויף אונדזערע שויבן!
מאָרגן וועלן ווייסע, וואָרקנדיקע טויבן
זיך שפּילן מיט אונדזערע קינדער!
אַפילו אַ בלינדער
וועט מאָרגן גיין אַנטקעגן

איבער די וועגן
דעם אויפגאַנג פון דער זון,
און, —
שטייט אויף איר אַלע שקלאַפן,
און האַלט גרייט אײַערע וואָפן
ביטאָג און ביינאַכט, —
עס איז די לעצטע, אַנטשיידנסטע שלאַכט!

## פון סוף צום באַגינען צוריק!

אַ דרימל, נישט שלעפער
מיך איין!
אַ סיום־הספר
וועט זיין!

עס איז נישט דער סיום
קיין סוף
גיי ווייטער צו קיום,
און האָף!

סוף־פסוק און ווידער־
אַמאָל
לאָז הערן דורך לידער
דיין קול.

דיין קול וועט נאָך קלינגען
אויף לאַנג, —
ווי גוט איז צו זינגען
אין גאַנג!

ב.

און אַז מען וועט לעבן
וועט זיין, —
וועב, וועב די געוועבן
דורך פיין!

דאָס פעדעמל ציט זיך
און פלעכט, —
אַ ליד האָט צעגליט זיך
דורך נעכט!

נעם בלאָז דאָס פאַנאַנדער
אין וועג,
און טראָג דאָס אין וואַנדער, —
מען מעג!

מען מעג, און מיר דאַרפן, —
הער, הער!
עס זענען אויך האַרפן
געוועך!

ג.

אַ לידער באַליבטע
גייט אויף,
ווי פייגל צעשוועבטע
ארויף!

די זון וועקט צעגליטער,
צעהעלט, —
עס זינגט שוין דער שניטער
אין פעלד!

דאָס ברויט איז מיט קימל
צעשמעקט, —
די ערד איז מיט הימל
צעוועקט!

און צווישן זיי ביידע
מיין ליד, —
עס זינגט דאָס די עדה
צעגליט.

ד.

אַ דרימל, נישט שלעפער
מיך איין, —

אַ סיום־הספר
ווערט זיין!

מיין וואָרט ווערט פון בלעטער
פּאַפּיר
אַ רעד טאָן צערעדטער
פון מיר.

דערציילן און זאָגן,
וואָס וויל, —
אַ נעם טאָן און טראָגן
צום ציל!

צום ציל, וואָס איז קלאָרער
פון קלאָר, —
צום ציל, וואָס איז וואָרער
פון וואָר!

ה.

זע, זע, עס ווערט העלער
פון העל, —
די פרייד אויף אַ טעלער
ביים שוועל!

מען דאַרף נאָר צעפּראַלן
די טיר, —
זע, זע, וויפל שטראַלן
פאַר דיר!

פאַר דיר און פאַר יעדן
ארום, —
די ערד אַ גן־עדן,
קום, קום!

אזוי פיל צו הערן
צו זען,
איין שעה וועט געבערן
פאַר צען!

ו.

אַ פונק דאָ, צעגלי אים
אין שיין, —
אַ סיום נאָך סיום
וועט זיין!

פון סוף צום באַגינען
צוריק, —
זוך, זוך, וועסט געפינען
די בריק.

דאָס וועטער, — עס בייט זיך
בו יאָ,
נאָר אַלצדינג באַנייט זיך
אָט דאָ.

אַ חלום? — צעברי אים
אין ליד
פאַר לעבן, פאַר קיום,
פאַר טריט!

אַ דאַנק אייך ליבע חבר׳טעס און חברים אַרום דעם איקוף פאַר די האַרציקע יום־טובים צו מיין פופציקסטן געבורטס־טאָג, וואָס איר האָט דורכגעפירט.

עס איז געווען ביז גאָר גוט צו פילן אייער וואַרעמקייט צו מיר. עס איז אָט די וואַרעמקייט אייערע, וואָס גיט מיר כוחות צו טאָן מיט אייך צוזאַמען די יידישע קולטור־אַרבעט אונטער דער פירערשאַפט פון אונדזער אַלעמענס איקוף.

אַ ספּעציעלן דאַנק אייך פאַר דערמעגלעכן די דער־שיינונג פון מיין בוך: „דאָס געזאַנג פונעם גלויביקן״.

לאָמיר אַלע טאָן אונדזער אַרבעט גלויביקע און זינגענ־דיקע און דערלעבן גאָר אין גיכן אַ גרינגערע און פרייערע וועלט, אין וועלכער עס וועט זיך אַרבעטן גאָר אנדערש און זינגען גאָר אַנדערש.

אייער אַלעמענס,

ז. ווײַנפּער.

# אינהאַלט

זייט

זייט

זייט

## ז. וויינפער'ס דערשינענע ביכער ביז איצט

●

### פּאָעזיע

**געקליבענע לידער**
אַ באַנד פון איבער דריי הונדערט זייטן אין וועלכן עס זענען אריין די אויסגעקליבענע לידער פון פריערדיקע זאַמלונגען: „ביי דער גרעבליע", „פון אונדזער לאַנד", „דער גאָלדענער האָן", „גאָלד און גרין", „ראַטמיאַ", און „אייגנס". דאָס בוך האָט אַ פאָררעדע פון משה לייב האַלפּערן.

**אונטערוועגנס**
אַ זאַמלונג פון הונדערט און פערציק זייטן.

**בירא־בידזשאַן**
אַ קליינע זאַמלונג פון פיר און זעכציק זייטן.

**פיניע**
אַ ראָמאַן אין פערזן.

### פּראָזע

**יידישע שריפטשטעלער**
צוויי בענד אין וועלכע עס גייען אריין ארום פערציק יידישע שרייבער.

**משה לייב האַלפּערן**
זכרונות און איבערלעבונגען מיט דעם פאַרשטאָרבענעם דיכטער.

**מיטן יידישן לעגיאָן**
זכרונות און איבערלעבונגען איבעם יידישן לעגיאָן דורך דער ערשטער וועלט־מלחמה.

### ענגליש

**AT THE RICH MAN'S GATE**
אַ קליינע זאַמלונג איבערזעצט דורך מאַרטאַן און דייטש.